# פון פאָלק'ס מויל

## אידישע מעשה'לאַך

### פאַר שול און הויז

מיט אָפּטייטשונג פון שווערע ווערטער גלייך אויפ'ן ארט
און מיט ביבליאָגראפישע נאָטיצען נאָך יעדער מעשה

צוזאַמענגעשטעלט פון

## יואל ענטין



היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַני
52-50 עלדרידזש סטריט -:- ניו יאָרק
1919

# פאָרוואָרט

מיט'ן איצטיגען ביכעל בין איך הויפּטזאַכליך אויסען כאָטש אויף ווי-פיעל ניט איז צו פאַרריכטען דעם חסרון פון קינדער-ליטעראַטור אויף אידיש. דערהויפּט פיהלט מען דעם ראַזיגען דוחק אין דער אידיש-אַמעריקאַנישער פאָלקס-שול — אין דער נאַציאָנאַל-ראַדיקאַלער שולע. מיט דער אויסנאַמע פון עטליכע געשיכטען, אי דאָס ניט אַלע אידישע, האָבען דאָרט ניט די לע-רער וואָס צו רעקאָמענדירען די קינדער צו לייענען אין דער היים. בשעת, אויב דאָס היימיגע לייענען איז א נויטיגע דערגענצונג פאַר יעדער שולע, איז עס נאָך פיעל נויטיגער פאַר דער אידיש-אַמעריקאַנישער פאָלקס-שול. וואַ-רים, אחוץ אַלע אַנדערע אויפגאַבעס, האָט זי דאָך נאָך דעם באַזונדערען חוב, אַרום דעם אידישען קינד, אין דער גרויסער ניט-אידישער וועלט, א אידישע אַטמאָספערע צו באַשאַפען.

מיין כונה איז געווען, ניט גלאַט געשיכטען צו דערצעהלען נאָר אי-דישע און ניט סתם אידישע געשיכטען, נאָר עכטע פאָלק'ס-מעשות. מיר מו-זען איבערגעבען אונזערע קינדער, אויב ניט אַלע אידישע געשיכטען, איז לכל הפחות דעם גרונט-פונדאַמענט, דעם סקעלעט פון דער אידישער פאָלקס-דערצעהלונג. אָהן דעם, דאַכט מיר, קען קיין גאַנץ געוועב פון א אידישען הינ-טער-ווייסען (sub-consciousness) ניט געמאָהלט זיין. פאַרשטעהט זיך, אַז א ביכעל פון בלויז פופצעהן געשיכטען, וואו עס איז דאָך ניט מעגליך צו האָבען טיפּישע ביישפּילען פון אַלע צווייגען פון אונזער פאָלקס-דענקען-גלויבען — פאַרשטעהט זיך, אַז אַזא קליין ביכעל קען ניט פיעל בייטראָגען צום אויביגען ציעל. דאָס ביכעל האָט טאַקע לכתחילה געזאָלט זיין באַדיי-טענד גרעסער און פאַרשיידענאַרטיגער. אָבער, זייענדיג שטאַרק געשטערט פון דרויסענדיגע אומשטאַנדען און צופאַלען, האָב איך מיין אָריגינעלען

פלאַן געמוזט היבש פאַרשמעלען. יעדענפאַלס קוק איך אויף דער איצטיגער אַרבעט בלויז ווי אויף אַן אָנהויב און עס וועט מיך זעהר פרעהען, אויב זי וועט אימיצען אַריינגעבען חשק זי פאָרטצוזעצען.

פאַר מיר איז וויכטיג ניט אַזוי דער מ ה ל ך ווי דער וו ע ג אַליין. ניט אומזיסט רוף איך דאָס איצטיגע ביכעל „פון פאָלק'ס מויל". ניט פ אָ ל ק ס ט י מ ל י כ ע געשיכטען האָב איך געוואָלט דערצעהלען נאָר טאַקע פאָלקס־מעשות. איך האָב געוואָלט, אַז דאָס קינד זאָל פאַר זיך האָבען דעם אמת'ען פאָלקס־דערצעהלער, דעם אידישען מעשה־וועבער פון פאַרצייטען, פון מיטעלאַלטער, פון פופצעהנטען, זעכצעהנטען און זיבעצעהנטען יאָהרהונדערט און פון דער נייער צייט. מיר דאַרפען אונזערע געשיכטען — דערהויפט ווען מיר דערצעהלען זיי אונזערע קינדער — ניט ראַציאָנאַליזירען, ניט מאָדערניזירען, אפילו ניט ליטעראַריש באַפּוצען. אונזער חוב איז, איבערגעבען אונזערע פאָלקס־געשיכטען צו אונזערע קינדער פונקט אזוי פריש און אוממיטעלבאַר ווי אונזערע עלטערען האָבען זיי אונז איבערגעגעבען. און עס דאַרף אונז ניט אָפּשרעקען דער רעליגיעזער טאָן פון אונזערע פאָלקס־געשיכטען און עס טאָר אונז ניט פאַרפיהרען אונזער ליטעראַרישקייט. אָפּציהען פון אונזערע פאָלקס־מעשות דעם אָריגינעלען טאָן הייסט זייער לעבענס־זאַפּט אויסנאָגען און מאַכען זיי ליטעראַריש הייסט זיי פאַרוואַסערן — זאָל אפילו זיין מיט רויזען־וואַסער. די איינציגע גרעסערע פרייהייט, וואָס מען קען זיך דערלויבען צוליב דער גאַנצקייט און קיילעכדיגקייט פון דער דערצעהלונג, איז אַריינצופלעכטען אַ געשיכטע אין אַ געשיכטע, ווייל פונקט אַזאַ איז אויך געווען דער וועג פון פאָלקס־שאַפען. ווייטער מעג מען זיך בלויז ווען ניט ווען דערלויבען צוצוגעבען די געשיכטען עטוואָס בילדליכקייט, אויספילען דעם געשלידער, די שטאַרק פאַרעלטערטע שפּראַך אָפּשטויבען אָדער אַ קליין ביסעלע דעם אַלטען סטיל אַרומשלייפען.

ליידער איז מיר, מחמת די פריהער אָנגעצייגטע מניעות, אויך אין דער דאָזיגער הינזיכט ניט אין גאַנצען געלונגען דורכצופיהרען מיין ערשטע כונה. דאָך בין איך צופרידען, וואָס כאָטש אומגעפעהר אַ העלפט פון די געשיכטען („ר' יוסף דילה ריינה, „דער כח פון תשובה", „חיים דער שניידער און דער פוילישער קיניג", „דער רמב"ם און דאָס מענשעלע" א. א. וו.) איז אַרויסגעקומען כמעט אין גאַנצען ווי פון דעם „פאָלק'ס מויל".

שטאַרענדיג זיך מיט אַלע קרעפטען איינצוהאַלטען דעם פֿאָלקס־טאָן— וואָס אין דער פֿאָלקס־געשיכטע מאַכט ער טאַקע די גאַנצע מוזיק — האָב איך, וואו נאָר „עס האָט זיך געבעטען”, פֿאַרגעצויגען העברעאישע ווערטער צו דייטשע און האָב אויך אַריינגעבראַכט איינינע העברעאיזמען אין סטיל און באַנוצט עטליכע פֿאַרעלטערטע אָדער לאָקאַלע ווערטער. אָבער די אָפּ-טייטשונגען אויף'ן ברעג בלעטעל וועלען דעם קינד באַהילפֿיג זיין צו קענען לייענען די געשיכטע כמעט ווי אומגעשטערט. אַ דאַנק די אָפּטייטשונגען און דערקלערענדע נאָטיצען וועלען די מעשות, פֿון צייט צו צייט, אפשר אויך קענען באַנוצט ווערן אַלס פֿאַרגענצענד לעהר־ביכעל אין דער שול גופא. רעד-בענענדיג זיך אַזוי שטאַרק מיט דער אידישער פֿאָלקס־שול, האָב איך אין בי-כעל דורכגעפֿיהרט אַן איינהייטליכע און פֿאַראיינפֿאַכטע אויסלעגונג, צו-מייסט אין איינקלאַנג מיט די רעקאָמענדאַציעס פֿון דער אָרטאָגראַפֿישער קאָמיסיע.

אחוץ פֿון קינדער קען אָבער דאָס ביכעל מיט פֿאַרגעניגען — אַזוי לכל הפחות האָף איך — אויך געלעזען ווערן פֿון דערוואַקסענע. און פֿאַר זיי זיינען עס אויך געמיינט די ביבליאָגראַפֿישע נאָטיצען נאָך יעדער גע-שיכטע.

צו לעצט לאָמיך זיך באַנוצען מיט דער געלעגענהייט און באַדאַנקען מיין חבר לעאָן עלבע און מיין פֿריינד דוד איגנאַטאָוו פֿאַר דער הילף, וואָס זיי האָבען מיר געגעבען. חבר עלבע האָט געזאָלט זיין מיין שותף אין דער אַרבעט; צום אומגליק האָט ער אָבער געמוזט אָפּפֿאָהרען פֿון שטאָט און האָט מיר בלויז געקענט געבען צוויי מעשות מיט זייערע ביבליאָגראַפֿישע נאָטיצען און אַ פּאָר עצות. חבר עלבע'ס איבערלאָזען מיך אַליין איז געווען די הויפּט־סיבה, וואָס די אַרבעט איז אַרויסגעקומען קלענער און ווניגער פֿאַרשיידענאַרטיג איידער איך האָב געוואָלט. פֿריינד איגנאַטאָוו האָט מיר פֿאַר'ן ביכעל געגעבען דריי פֿון די בעסטע מעשות און איך בין איהם פֿאַר זיי זעהר דאַנקבאַר.

יואל ענטין.

# אינהאלט.





# א מעשה מיט דריי ברידער

---

אַ מאָל איז געווען אַ רייכער מאַן, האָט ער געהאַט דריי זיהן: צוויי קלוגע און איינעם אַ נאַר. אַז ער איז געשטאָרבען, האָט ער נאָך זיך געלאָזט אַ סך שאָף און רינדער, און זיינע זיהן האָבען זיך גענומען טיילען מיט דער ירושה.

האָבען די צוויי קלוגע ברידער אַזוי געזאָגט: „לאָמיר די שאָף און רינדער צעטיילען אין דריי גלייכע חלקים, און דערנאָך וועלען מיר וואַרפען גורל, וועמען וואָס פאַר אַ חלק עס זאָל אָנקומען.”
אָבער דער נאַר האָט געזאָגט: ניין, ער וויל ניט אַזוי. וואָס זשע דען? זאָל מען לעבען איטליכען׳ס הויז אויסבויען אַ שטאָל און ווי־פיעל שאָף און רינדער עס וועלען אַליין אַריין צו וועמען אין שטאָל, אַזוי פיעל זאָל ער האָבען.

זאָגען די קלוגע ברידער: „רעכט, זאָל זיין ווי דו זאָגסט!”
האָבען אַלע דריי אויסגעבויט שטאַלען, יעדערער לעבען זיין הויז. די קלוגע האָבען אין זייערע שטאַלען אָנגעלעגט פריש היי, כדי די אָקסען און די קיה זאָלען עס דערשמעקען און אַריינגעהן צו זיי אין די שטאַלען. אָבער דער נאַר האָט ניט געוואָלט פאַרנאַרען צו זיך די שאָף און רינדער מיט שווינדעל, האָט ער געלאָזט געהן, ווי עס געהט.

---

רינדער—אָקסען און קיה. ירושה (יערושע)—וואָס עס בלייבט פון אימיצען איבער נאָך זיין טויט. חלקים (כאַלאָקים) — טיילען. חלק (כעילעק) — א טייל. גורל (גוירל—lots: גוירל וואַרפען—throw lots. כדי (קעדעי)—צוליב דעם

וואָס זשע איז אָבער דער סוף געווען? אַז צו די קלוגע אין די שטאַלען זיינען אַריין אַלע אָקסען און קיה, און צום נאַר אין שטאַל האָט פאַרבלאָנדזשעט אינגאַנצען נאָר איין קאַלב. האָט דער נאַר געהאַלטען זיין קאַלב אַכט טעג און גאָר פאַרגעסען צו געבען עס עסען. פאַרשטעהט זיך, אַז דאָס קאַלב איז גע'פגר'ט פון הונגער. האָט ער פון קאַלב אַראָפּגעשונדען דאָס פעל און אַוועקגעלעגט עס אויף'ן זון טריקענען. האָט ער זיך ווידער אַמאָל פאַרגעסען אויף דער גאַנצער מעשה, און דאָס פעל איז געלעגען ביז עס איז פאַרדאַרט געוואָרען. דענסטמאָל האָט ער דאָס פעל גענומען קיין וואַרשע צו פאַרקויפען. אָבער ווער וועט ביי איהם קויפען אַזאַ פעל, וואָס איז האַרט ווי אַ ברעט? האָט טאַקע קיינער ניט געקויפט.

האָט ער זיך געלאָזט געהן צוריק אַהיים מיט זיין אויסגעדאַרט פעלכעל. קומט ער אין אַ קרעטשמע און וויל דאָרט איבערנעכטיגען. זעהט ער דאָרטען צוועלף מענשען זיצען און עסען די בעסטע מאכלים און טרינקען דעם בעסטען וויין. פרעגט ער ביי דער בעל הבית'טע: „קען איך דאָ אפשר איבערנעכטיגען?“ ענטפערט די בעל הבית'טע, אַז זי וועט איהם אין הויז ניט האַלטען פאַר כל הגעלטען אין דער וועלט. און זי זאָגט איהם, אַז ער זאָל טאַקע גלייך אַרויס פון שטוב.

קלערט ביי זיך דער נאַר: עה, דו געפעלסט מיר עפעס אינגאַנצען ניט מיט דיינע גאַנגען, וועל איך דיר אויף צו'להכעים דאָ דוקא בלייבען! איז ער כלומר'שט אַרויס פון שטוב און האָט זיך באַהאַלטען הינטער'ן טיר, וואו קיינער זאָל איהם ניט קענען זעהן. הערט

---

**סוף** (סאָף)—ענדע, רעזולטאַט. **פאַרבלאָנדזשען**—געהן ניט מיט'ן ריכטיגען וועג, אנקומען ניט אין ריכטיגען אָרט. **גע'פגר'ט** (געפּעיגערט)—געשטאָרבען (ווערט גע־זאָגט אויף אַ לעבעדיגע זאַך). **קרעטשמע**—אַן איינפאָהר־הויז, אַ הויז אויף'ן וועג פאַר דורכפאָהרער. **מאכלים** (מאַיכאָלים)—געריכטען, **dishes**. **בעל הבית'טע** (באַלעבאָסטע)—די הויז־פרוי. **אפשר** (עפּשער)—מעגליך, פיליייכט. **כל הגעלטען** (קאָל האָגעלטען)—אַלע געלטען אין דער וועלט. **צו'להכעים** (צולאַכעס)—צו קרענקען יענעם, אַט ווייל יענער וויל ניט, **in spite**. **דוקא** (דאַווקע)—טאַקע נאָר, גראָד, ניט אַנדערש. **כלומר'שט** (קלעימערשט) — געמאַכטערהייט, ניט אויף צונ'אמת'ען.

ער ווי די בעל הבית׳טע זאָגט צו די מענשען: „באַלד וועט דאָך מיין מאַן קומען, מוזט איהר, איידער ער וועט אָנקומען, אַראָפּגעהן אין קעלער און זיך דאָרט באַהאַלטען הינטער די פעסלאַך בראַנפען און ביינאַכט, ווען ער וועט אַנשלאָפען ווערן, זאָלט איהר צעריק אַרויפגעהן און איהם דער׳הרג׳ענען.״

האָבען זיי אַזוי געטאָן. באַלד איז דער בעל הבית געקומען צע־ריק פון ברויז, האָט ער אַראָפּגעקייקעלט די פעסלאַך בראַנפען אין קעלער, און איז דערנאָך אַריין אין שטוב. בעט ער ביי דער ווייב עפּעס עסען; זאָגט זי, אַז זי האָט גאָרנישט אין שטוב. געהט דער נאַר אַרויס פון זיין באַהעלטעניש און פרעגט דעם קרעטשמער, אויב ער קען דאָ איבערנעכטיגען. ווערט די בעל הבית׳טע אויף איהם אין כעס און זאָגט: „איך האָב דאָך דיר נאָך פריהער געזאָגט: אַז איך האָב דיך ניט וואו צו לעגען!״ רופט זיך אָן דער קרעטשמער: „ניין, ער וועט דאָ יע בלייבען נעכטיגען!״ און אַז דער קרעטשמער זאָגט, איז געזאָגט.

הייסט דער קרעטשמער דעם נאַר זעצען זיך מיט איהם צום טיש, און זיי נעמען אַזוי שמועסען. אומגערן האָט דער נאַר אַרויפ־געלעגט די האַנט אויף׳ן פעלכעל, וואָס ער האָט געפיהרט צעריק אַהיים, האָט דאָס פעלכעל גענומען קנאַקען. פרעגט דער קרעטש־מער: „וואָס קנאַקט עפּעס אַזוי דיין פעלכעל?״ ענטפערט דער נאַר: „דאָס פעלכעל רעדט עס צו מיר״. פרעגט ווידער דער קרעטש־מער: „נו, און וואָס זאָגט עס?״ ענטפערט דער נאַר: „דאָס פעלכעל זאָגט, אַז דו ביסט הונגעריג און אַז דיין ווייב זאָגט, אַז אין שטוב איז גאָרנישט ניטאָ, אָבער אַז דו וועסט אַ קוק טאָן אין אויוועז, וועסטו שוין געפינען וואָס צו עסען.״ איז דער קרעטשמער אַוועק צום אויווען און האָט דאָרטען געפונען גענוג צום עסען פאַר זיך און פאַר׳ן נאַר.

---

בעל הבית—דער וועמעס הויז עס איז, master. דער׳הרג׳ענען (דערהארגענען)—טויטען. ברויז—א פאבריקע פון בראנפען אדער ביר. כעס (קאאס)—צארן, anger. אומגערן—דורך א צופאל, ניט ווילענדיג.

נאָכדעם האָט דאָס פעלכעל ווידער אַ קנאַק געטאָן. פרעגט ווייטער דער קרעטשמער: „וואָס זאָגט עס איצט?" ענטפערט דער נאַר: „עס זאָגט, אַז דו זאָלסט פאַנאַנדערלעגען אַ גרוים פייער אין אויוון." פרעגט דער קרעטשמער: „צו וואָס איז דאָס פייער?" זאָגט דער נאַר: „איך ווייס ניט, אָבער דו מוזט פאָלגען דאָס פעלכעל." איז דער קרעטשמער אַוועק און האָט געמאַכט אַ גרוים פייער אין אויוון. האָט דאָס פעלכעל ווידער אַ קנאַק געטאָן, פרעגט דער קרעטשמער: „וואָס זאָגט איצטער דאָס פעלכעל?" ענטפערט דער נאַר: „דאָס פעלכעל הייסט דיר אויפזידען קעסלען וואַסער." האָט דער קרעטשמער אַזוי געטאָן, און אַז דאָס וואַסער האָט אויפגעקאָכט, האָט דאָס פעלכעל ווידער אַ קנאַק געטאָן. פרעגט ווידער דער קרעטשמער: „וואָס וויל איצטער דאָס פעלכעל?" ענטפערט דער נאַר: „דאָס פעלכעל וויל, אַז דו זאָלסט נעמען עטליכע געזונטע מענשען, אַרונטערגעהן מיט זיי אין קעלער און אויסגיסען דאָס וואַסער הינטער די פעסלאַך בראַנפען". האָט דער קרעטשמער אַזוי געטאָן, און די צוועלף גזלנים זיינען אַלע אָפּגעבריהט געוואָרען און זיינען קוים מיט די נפשות אַנטלאָפען.

איז דער קרעטשמער נאָכדעם אַרויף אין שטוב, ערשט ער הערט ווידער דאָס פעלכעל קנאַקען. רופט ער זיך אָן: „וואָס קנאַקט איצטער דאָס פעלכעל?" זאָגט דער נאַר: „עס דערצעהלט, אַז די צוועלף גזלנים האָבען דיך געוואָלט ביינאַכט דער'הרג'ענען, ווייל דיין ווייב האָט זיי אַזוי געהייסען." אַז דאָס ווייב האָט דאָס דערהערט, איז זי אויך אַנטלאָפען.

אַז דער קרעטשמער האָט דערזעהן, ווי דאָס פעלכעל ווייסט אַלצדינג, רופט ער זיך אָן צום נאַר: „פאַרקויף מיר דיין פעלכעל!" זאָגט דער נאַר: „עס קאָסט זעהר אַ סך געלט." זאָגט דער קרעטשמער: „זאָל קאָסטען מי יודע וויפיעל, וויל איך עס האָבען, ווייל

---

**גזלנים** (גאַזלאָנים)—מערדערישע רויבער; **גזלן**—אַ מערדערישער רויבער. **נפשות** (נעפאָשעס)—די זעעלען, די לעבענס (אויף מענשען, פאַרשוינען); איינצאָהל—**נפש** (נע־פעש). **מי יודע** (מי יעידעיאַ)—ווער ווייסט.

דאָס האָט מיין לעבען געראַטעוועט.״ זאָגט דער נאַר: „עס וועט דיר קאָסטען גאַנצע טויזענד רובעל.״ האָט איהם דער קרעטשמער אָפּ־געצעהלט די טויזענד רובעל. און דער נאַר איז אַוועק אַהיים.

אַז ער איז געקומען אַהיים, האָט ער דערצעהלט די ברידער, אַז ער האָט פאַר זיין פּעלכעל גענומען טויזענד רובעל. האָבען די צוויי ברידער גענומען און דער'הרג'עט גאַר זייערע פיה און אויך אַוועק־געפיהרט די פעל קיין וואַרשע צו פאַרקויפען. זיי האָבען אַזוי גע־מאַכט דעם חשבון: מה־דאַך פאַר אַ פעל פון אַ קאַלב קריגט מען טויזענד רובעל, היינט וויפיעל דאַרף מען שוין קריגען פאַר אַ פעל פון אַן אָקס אָדער אַ קוה? ווי ווייניג, וועלען זיי דאָך אַלץ קריגען צוויי טויזענד רובעל אַ שטיק! זיי וועלען דאָך ממש נתעשר ווערן. נאַר אַז זיי האָבען אין וואַרשע גענומען בעטען פאַר זייערע פעל צו צוויי טויזענד רובעל אַ שטיק, האָט זיך דער עולם אויסגעלאַכט, און מעהר ווי אַ רובעל אַ שטיק האָט מען זיי ניט געוואָלט געבען. דער־הערענדיג דאָס, זיינען זיי אַוועקגעפאָהרען אַהיים מלא חמה און אַנ־געפאַלען אויף'ן נאַר און האָבען איהם געשאָלטען און געזידעלט, פאַר וואָס ער האָט זיי אָפּגענאַרט. אָבער דער נאַר האָט אַלץ גע'טענה'ט, אַז ער האָט געקראָגען טויזענד רובעל פאַר זיין פּעלכעל, האָבען די ברידער איהם צערוה געלאָזט.

ויהי היום, איז ביים נאַר געשטאָרבען דאָס ווייב. האָט חברה קדישא געוואָלט ניט אַנדערש ווי טויזענד רובעל קבורה־געלט. אָבער דער נאַר איז גאָר קיין נאַר ניט, און ער וויל ניט געבען אַזוי פיעל. נעמט ער דעם בר־מינן און לעגט איהם אַרויף אויף אַ פוהר און פיהרט

---

פיה—שאָף, רינדער און אַנדערע שטוביגע בהמות. חשבון (כעשבן)—רעכענונג. מה־דאָך (מאַ־דאָך)—ווי באַלד, אויב. ממש (מאַמעש)—אמת'דיג, טאַקע ווי מען זאָגט, literally. נתעשר (ניסאַשער) ווערן—שטאַרק רייך ווערן. עולם (עילאָם)—די מענ־שען. מלא חמה (מאַלעי כעימאַ)—שטאַרק (פול) מיט כעס. גע'טענה'ט (געטאַינעט)—געזאָגט דאָס זייניגע, argued. ויהי היום (וואַיעהי האַיעים)—איינמאָל מאַכט זיך. חברה קדישא (כעוורע קאַדישע)—(דער הייליגער בונד) אַ פעראיין אויף צו באַגראַ־בען די טויטע. קבורה־ (קעוואורע) געלט—געצאָהלט פאַר באַגראַבען אַ טויטען. בר־מינן (באַר־מינען)—אַ טויטער פאַר'ן באַגראַבען.

איהם אַוועק קיין וואַרשע. קומענדיג קיין וואַרשע, האָט ער אָנגע־לעגט דעם וואָגען פול מיט שענע שמעקעדיגע עפּעל, און דעם בר מינן אַוועקגעזעצט ביי די עפּעל, און ער האָט זיין טויטע ווייב אַזוי אָפּגעפּאַרבט, אַז זי האָט אויסגעזעהן פּונקט ווי אַ לעבעדיגע. אַליין האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט פון דער ווייטען, זעהן, וואָס דאָ וועט זיין.

פאָהרט פאַרביי אַ פּוילישער פּריץ. דערזעהט ער די שענע עפּעל, שיקט ער זיין משרת, ער זאָל קויפען עפּעל. פרעגט דער משרת ביי דער אידענע איין מאָל און צוויי מאָל און דריי מאָל, ווי טייער איז די עפּעל. זי האָט דאָך איהם אָבער ניט געענטפערט, איז דער משרת געוואָרען מלא חמה און האָט איהר געגעבען אַ זעץ אין פּנים. לויפט גלייך צו דער נאַר מיט קולות: „גוואַלד, ראַטע־וועט! דער גזלן האָט מיין ווייב דער'הרג'עט!" געהט דער פּריץ אַרונטער פון קאַראָט און דערזעהט, אַז די אידענע איז טאַקע טויט. רופט ער זיך אָן צום נאַר: „שריי ניט, און זאָג, וויפיעל ווילסטו?" זאָגט דער נאַר: „פינף טויזענד רובעל". האָט איהם דער פּריץ באַ־צאָהלט, און דער נאַר האָט אַוועקגעפיהרט דעם בר־מינן צו דער וואַרשעווער חברה קדישא, און פאַר עטליכע רובעל קבורה־געלט האָבען זיי איהם מקבר געווען.

קערט זיך אום דער נאַר אַהיים און דערצעהלט זיינע ברידער, אַז ער האָט געקראָגען אין וואַרשע פינף טויזענד רובעל פאַר זיין טויט ווייב. דערהערענדיג אַזאַ מעשה, האָבען די ברידער גענומען און דער'הרג'עט זייערע ווייבער און קינדער און אַוועקגעפיהרט די טויטע קערפּערס קיין וואַרשע צו פאַרקויפען. אַז זיי זיינען אָנגעקו־מען קיין וואַרשע, פרעגט מען זיי, וואָס האָבען זיי געבראַכט צום פאַרקויפען. זאָגען זיי: „טויטע קערפּערס". האָט מען פון זיי ווידער געלאַכט און זיי געהייסען פיהרען די טויטע אויפ'ן בית־עולם.

---

**פּריץ** (פּאַריץ)—אַן עדעלמאַן, איינער פון די אַריסטאָקראַטיע. **משרת** (מעשאַרעס)—אַ דינער. **קולות** (קױלעס)—געשרייען. **קאַראָט**—קאַרעטע, carriage. **מקבר** (מעיקאַבער) **זיין**—באַגראָבען. **מעשה** (מאַיסע)—געשיכטע, זאַד. **בית עולם** (בעס עילאָם)—אַ באַגראַבעניש־אָרט.

וואָס האָבען די ברידער געקענט טאָן? האָבען זיי גענומען די טויטע און מקבר געווען אויפ'ן בית־עולם.

פאָהרען די ברידער אַהיים מיט פאַרביטערטע הערצער און שווע־רען זיך נוקם צו זיין אָן זייער ברודער, דעם נאַר. געקומען אַהיים, דערצעהלען זיי איהם, אַז זיי ווילען איהם מאַכען פאַר אַ בן־מלך. נאַרען זיי איהם אַריין אין אַ זאַק און ווילען איהם אַריינוואַרפען אין טייך. זיינען זיי אַוועק זוכען אַן אָרט, וואו זיי זאָלען דאָס קענען אָפּטאָן און קיינער זאָל ניט זעהן. דערווייל האָט דער נאַר געהאַל־טען איין שרייען אין זאַק, אַז ער וויל ניט זיין קיין בן־מלך, נאַר ער וויל בעסער אַרויס פון זאַק.

אין דער רגע פאָהרט פאַרביי אַ רייכער פוילישער סוחר. דער־הערט ער די געשרייען פון זאַק, קריכט ער אַרונטער פון קאַראָט און פרעגט דעם נאַר, וואָס שרייט ער אַזוי. זאָגט דער נאַר: „איך וויל ניט זיין קיין בן מלך!” בינדט איהם דער סוחר אָפּ און רופט זיך אָן: „לאָז מיך אַריינקריכען אין זאַק און ווערן אַ בן מלך! איך שענק דיר דערפאַר אַוועק מיינע פערד מיט'ן קאַראָט צוזאַמען”. איז דער רייכער מאַן אַריינגעקראָכען אין זאַק. האָט דער נאַר דעם זאַק גאַנץ שטייף פאַרבונדען, און אַליין האָט ער זיך אַריינגעזעצט אין קאַראָט און איז זיך אַוועקגעפאָהרען.

דערנאָך זיינען געקומען די ברידער, האָבען גענומען דעם זאַק און איהם אַריינגעוואָרפען אין וואַסער. זיי האָבען גאָר אַנדערש ניט געקלערט, ווי אַז זיי האָבען דערטרונקען זייער ברודער, דעם נאַר, און מלא שמחה זיינען זיי אַהיים געפאָהרען. ווי נשתומם זיינען זיי אָבער אויף מאָרגען געוואָרען, ווען זיי האָבען דערזעהן, ווי זייער ברו־

---

**נוקם** (נעיקעם) **זיין**—אפּרעכנעז זיך, באצאהלעז (פאר שלעכטס). **בן מלך** (בעז מעלעך) — א פּרינץ. **רגע** (רעגע) — סעקונדע. **סוחר** (סעיכער)—געשעפט־מענש. **מלא שמחה** (מאלע סימכע)—פול מיט פרייד, שטארק פריילאך. **נשתומם** (ניש־טעימעם)—שטארק פארוואונדערט, צוטומעלט פאר וואונדער.

דער פאָהרט זיך אַרום איבער'ן שטאָט אין אַ טייערען קאַראָט. פרעגען זיי איהם: „וואו האָסטו דאָס געקראָגען?" ענטפערט ער „וואָס הייסט וואו? אין וואַסער, וואוהין איהר האָט מיך אַריינגעוואָרפען!" פרעגען זיי איהם: „איז דאָרטען פאַראַן נאָך?" ענטפערט ער: „אָה, נאָך שענערע, ווי מיינע!"

געהען זיי אַוועק צום טייך און רעדען אָפּ צווישען זיך, אַז אַפריהער זאָל איינער אַריינשפּרינגען אין וואַסער אַ קוק געבען, אויב




דאָרטען זיינען פאַראַן נאָך קאַראָטען מיט פערד, און אויב יאָ, זאָל ער געבען אַ געשריי, וועט דער אַנדער ברודער אויך אַריינשפּרינגען.

האָבען זיי אַזוי געטאָן. איז אַפריהער איינער אַריינגעשפּרונגען, האָט ער זיך אָנגעהויבען טרינקען, האָט ער גענומען שרייען. האָט דער צווייטער ברודער געמיינט, אַז דאָס רופט ער איהם, איז ער אויך אַריינגעשפּרונגען, און אַזוי זיינען זיי ביידע דערטרונקען געוואָרען.

איז דער נאַר געוואָרען דער איינציגער יורש פון זייער גאַנץ עשירות, האָט ער נאָך אַמאָל חתונה געהאַט, און ער לעבט אין גליק און הצלחה עד היום הזה.

---

**יורש** (יעירעש)—דער וואס באקומט א ירושה. **עשירות** (אשירעס)—גרויס רייכ-קייט. **הצלחה** (האצלאכע)—גליק (איז געשעפט און רייכקייט). **עד היום הזה** (אַר האיעים האזע)—ביז צום היינטיגען טאג.

---

דאָס מעשה׳לע איז גענומען פון פּראָפ. לעאָ ווינער׳ס בוך: **The History of Yiddish Literature in the Nineteenth Century, New York,** 1899) און ווערט דאָ באַארבייט פון לעאָן עלבע. פּראָפ. ווינער גיט עס איבער אַלס אַ מעשה, וואָס ער האָט געהערט פון אַ אידישען שניידער. ער האָט, זאָגט ער, אַ סך אַזעלכע פאָלקס־מעשות געהערט דערצעהלען פון אומוואַנדערנדע אָרימעלייט און שניי-דער, וועלכע האָבען אַ נאָמען פאַר גוטע מעשה־דערצעהלער. די אידען, שרייבט פּראָפ. ווינער אין זיין אויבענדערמאָנטען ווערק, האָבען אָהן אַ שיעור בבא־מעשות (דאָס וואָס די דייטשען רופען „מערכען" און די ענגלישע **Fairy Tales**) און פאַב-לען, וועלכע זיינען קיינמאָל ניט פאַרשריבען געוואָרען. מען מעג, זאָגט ער ווי-טער, אָהן שום מורא זאָגען, אַז ביי די רוסישע אידען קען מען געפינען די בעסטע, פאַרפאָלקאָמענסטע נוסחאות פון די מעהרסטע, אויב ניט פון אַלע מעשה׳לאַך, וואָס געפינען זיך ביי די ברידער גרים אָדער ביי אַנדערסענען).



# דער געשמיסענער קיסר

---

ניקאָלאַי דער ערשטער, דער קיסר פון רוסלאַנד, איז געווען אַ גרויסער רשע און האָט אַרויסגעגעבען שווערע גזרות אויף די אידען און פאַראומערט זייער לעבען. און איין מאָל האָט ער אַרויסגעגעבען אַן אוקאַז, דאָס אויב די אידען וועלען איהם ניט צושטעלען אַ מיליאָן רובעל צינז אין אַ חודש־צייט, וועט ער זיי אַרויסטרייבען פון זיין מלוכה.

האָבען די רבנים גוזר תענית געווען און אַלע אידען זיינען גע־קומען אין די שוהלען און געזאָגט תהלים און גאָט געבעטען, אַז אין זכות פון די הייליגע אָבות און אין זכות פון די יונגע קינדער,

---

**קיסר** (קעיסר)—קייזער, אימפעראטאר. **רשע** (ראשע)—א שלעכטער, בעזער מענש; איינער, וואס איז שלעכט צו אידען. **גזרות** (געזעירעס)—שווערע, ווילדע באפעלען; **גזרה** (געזעירע)—א שטרענג, פלוצימדיג געזעץ. **פאַראומערען**—אומעטיג און בי־טער מאכען. **אוקאַז**—באפעל פון קיסר (רוסיש). **חודש** (כעידעש)—א מאנאט, מעהרצאהל—חדשים (כאדאשים). **צינז**—אפצאהלונג (פאר דער רעגירונג). **מלוכה** (מעלוכע)—קיניגרייך, אימפעריע. **רבנים** (ראבאנים) — אידישע רעליגיאן־פארשטע־הער; **רב** (ראוו)—דער רעליגיאן־פיהרער אין א אידישער געמיינדע. **גוזר** (געיזער) **זיין**—באפעלען. **תענית** (טאנעס)—א פאסט־טאג; א טאג, ווען מען טאר ניט עסען. **גוזר תענית זיין**—ארויסגעבען א באפעל, אז מען זאל פאסטען. **תהלים** (טי־לים)—דאס געזאנג־בוך פון דוד המלך, **The Book of Psalms** (תהלים זאגען איז אנ־גענומען ביי אידען אין יעדער צרה וואס טרעפט זיך נאר). **זכות** (זעכום)—פריווי־לעגיע, פארדינסט, גרויסער ווערט. **אין זכות פון**—צוליב, פאר דעם גרויסען ווערט. **אבות** (אוועס)—עלטערן, די ערשטע אידישע עלטערן: אברהם, יצחק און יעקב.

וואָס האָבען נאָך ניט געזינדיגט, זאָל ער פון זיי אָפּטאָן די שלעכטע גזרה. אָבער גאָט האָט ניט געהערט זייערע תפלות און ניט אראָפּ־געשיקט קיין צייכען פון הימעל, אַז די ביטערע גזרה וועט בטל ווערן.

האָבען די פרנסים און די מנהיגי הדור געגומען קלערען, וואָס מען זאָל טאָן. איז ביי זיי געבליבען, אַז וויבאַלד די טויערן פון הימעל זיינען פאַרשלאָסען און קיין אַנדער עצה איז ניטאָ, זאָל מען אונטערקויפען דעם צורר'ס שררות. האָט מען אַזוי געטאָן. אָבער דאָס האָט אויך ניט געהאָלפען: די שררות האָבען דאָס געלט צו־גענומען אָבער דער מלך האָט ניט אויפגעהערט צו דריקען די אידען וועגען דעם מיליאָן רובעל.

זיינען די רבנים און פרנסים אַוועק צו די גרויסע בעל שמ'ס און צו זיי געזאָגט: „צי האָט איהר גאָר קיין תרופה ניט? וואָס וועלען מיר טאָן, אַז דער רשע וועט דערפילען זיין גזרה און אונז אַלעמען אַרויסטרייבען פון לאַנד?" האָבען די בעל שמ'ס געהאַט אַן אסיפה און אַז עס איז געקומען האַלבע נאַכט, האָבען זיי מיט אַלערליי שמות און צירופים און באַשווערונגען אַראָפּגעבראַכט פון הימעל די גייס־טער פון אַברהם, יצחק און יעקב און אליהו הנביא און זיי האָבען

---

**תפלות** (טעפילעם) — געבעט; **תפלה** (טעפילע)—א געבעט. **בטל** (באַטל) **ווערן** — אפּגעשאפט ווערן, צעריקגערופען ווערן. **פרנסים** (פּאַרנעיסים) — פיה־רער, פאַרשטעהער (ציווילע) פון א אידישער געמיינדע; **פרנס** (פּאַרנעס)—א פיהרער, א פאַרשטעהער פון א געמיינדע. **מנהיגי הדור** (מאַנהיגעי האַדאָר)—די פיהרער פון דער צייט, ווי די גרעסטע רבנים און אַנדערע אידישע גרעסטע לייט. **עצה** (עיצע)—ראַט, מיטעל. **צורר** (צעירער)—א רעגירער (אָדער א באַאמטער), וואָס איז שלעכט צו אידען. **שררות** (סראָרעס)—הארען, הויכע באַאמטע (ווי מיניסטאָרען); **שררה** (סראָרע)—א האר, א הויכער באַאמטער. **בעל שם** (באַל שעם)—אזא מין גוטער איד, וואָס קען טאָן וואונדער מיט דער קראַפט פון גאָט'ס נאָמען, די נעמען פון די מלאכים און אַנדערע אַזעלכע מיטלען. **תרופה** (טערופע)—מיטעל, הילף (קעגען א קראַנקהייט אָדער אַנאַנ־דער צרה). **אסיפה** (אַסיפע)—פאַרזאַמלונג, באַראַטונג. **שמות** (שעימעס)—הייליגע נעמען (פון גאָט און די מלאכים). **צירופים**—צוזאַמענרעכנונגען און קאָמבינאַציעס פון די הייליגע נעמען. **באַשווערונג**—א באַפעל, וואָס ווערט געגעבען א גייסט מיט דער קראַפט פון די הייליגע נעמען.

זיי דערצעהלט וועגען דעם גרויסען אומגליק, וואָס שטעהט פאַר אַלע אידען. און די אָבות און אליהו הנביא האָבען זעהר געוויינט דערהערענדיג די צרות פון זייערע קינדער.

און אַלע פיער זיינען תיכף אַוועק אין דעם קיסרליכען פּאַלאַץ; און טיר און טויער האָט פאַר זיי אויפגעפּראַלט און זיי זיינען אַריין אינעווייניג אין דעם קיסר׳ס שלאָף־צימער. און דער מלך ניקאָלאַי איז געשלאָפען און האָט ניט געהערט ווי זיי זיינען געקומען. אין אַלע פיער האָבען אָנגענומען זיין בעט, יעדער פאַר אַ פּיסעל, און זיי האָבען עס אַריבערגעטראָגען אין אַ וויסטען וואַלד. און זיי האָבען אַלצדינג געזעהן, אָבער קיינער האָט זיי ניט געזעהן.

און אַז זיי זיינען געקומען אין וויסטען וואַלד, האָבען זיי דעם קיסר אַרויסגענומען פון זיין וואַרימען געלעגער און זיי האָבען איהם געשמיסען מיט ריטער פון וואַלד אַזוי שטאַרק, אַז ניקאָלאַי האָט גענו־מען שרייען און בעטען, אַז מען זאָל אויף איהם רחמנות האָבען. און זיי האָבען איהם געפרעגט: „וועסטו מבטל מאַכען דיין גזרה אויף די אידען?" האָט ער זיי געזאָגט: „יע, איך זאָג אייך צו!"

אויף מאָרגען אין דער פריה האָט זיך דער קיסר אויפגעכאַפּט אין זיין בעט אין זיין שלאָף־צימער און ער האָט גערופען זיין ערשטען קאַמערדינער און ער האָט אויף איהם געשריען מיט גרויס רציחה: „ווי אַזוי האָסטו עס געלאָזען, אַז מען זאָל מיין בעט אין מיטען נאַכט אַרויסטראָגען אין אַ וויסטען וואַלד!" און דער ערשטער קאַמערדינער איז געוואָרען ווייס ווי קאַלך און ער האָט געזאָגט, אַז דעם קיסר׳ס גוואַרדיע האָט געהאַלטען וואַך אַ גאַנצע נאַכט דרוי־סען ביי דער טיר און קיינער איז אין שלאָף־צימער ניט אַריין. און

---

**תיכף** (טייקעף)—באַלד, גלייך. **אויפפּראַלען**—אויפמאַכען שנעל און מיט קראַפט. **וויסט**—ניט באַוואוינט, ווילד, טרויעריג. **רחמנות** (ראַכמאָנעס)—דערבאַרעמונג, מיט־לייד, מיטגעפיהל. **מבטל** (מעוואַטעל) **מאַכען**—צעשטערען, צונישט מאַכען, צעריקרופען **קאַמערדינער**—דער נעהענטסטער דינער, דער שלאָף־צימער־דינער, **chamberlain**. **רציחה** (רעציכע)—צאָרן, ווילדער כעס. **גוואַרדיע**—סאָלדאַטען, וואָס היטען דעם קיסר׳ס פּאַלאַץ, **guards**. **וואַך**—היטער, וועכטער: **האַלטען** (אָדער **שטעהן אויף דער**) **וואַך**—שטעהן און היטען.

אַ חוץ דעם, איז דאָס בעט אַזוי גרויס, אַז מען קען עס גאָר דורך קיין טיר ניט אַרויסטראָגען".

האָט דער קיסר ביי זיך געטראַכט: ניט אַנדערש עס איז אַ חלום. האָט ער דאָס מאָל זיין ערשטען קאַמערדינער דאָס לעבען געשענקט און איהם ניט אויפגעהאַנגען. אָבער אין דער קומענדיגער נאַכט, ערשט ווידער דאָס אייגענע! דאָס בעט איז ווידער אַרויסגעטראָגען געוואָרען אין וויסטען וואַלד און די דריי אבות און אליהו



הנביא האָבען מיט ריטער פון וואַלד איהם געשמיסען צוויי מאָל אַזוי פיעל ווי די פאָריגע נאַכט און ווידער האָט ער זיך, דער מלך רע, אָפּגעבעטען און צוגעזאָגט, אַז ער וועט די גזרה מבטל זיין און ביי די אידען דעם שווערען צינז ניט מאָהנען.

איז שוין אויף מאָרגען אין דער פריה דער קיסר געווען מלא חמה, און ער האָט דעם ערשטען קאַמערהער געלאָזט אויפהענגען. און אַ וואָך ביי דער טיר האָט ער אַוועקגעשטעלט אַ צוויי־ענדיגע.

---

אַחוץ (אכוץ)—אויסער, besides. חלום (כאלעם)—טרוים, dream. רע (רא)—אַ שלעכטער.

אָבער דאָס אַלץ האָט גאָר ניט געהאָלפען: צוועלף דעם זייגער ביי דער נאַכט זיינען די אבות מיט אליהו הנביא ווידער אַריין אין דעם קיסר'ס שלאָף־צימער און זיי האָבען איהם אַרויסגעטראָגען מיט זיין געלעגער פון שלאָף־צימער אין וויסטען וואַלד אַריין און דאָרט האָבען זיי איהם אַזוי געשמיסען, אַז קוים די נשמה האָט זיך אין איהם געהאַלטען.

און דער קיסר האָט געוויינט מיט תחנונים און זיך געשוואָרען, אַז דאָס מאָל וועט ער שוין האַלטען וואָרט און ער וועט אָפּשאַפען זיין שלעכטע גזרה. און אויף מאָרגען, ווי נאָר ניקאָלאַי האָט זיך אויפ־געכאַפּט אין זיין בעט האָט ער געאַיילט און אַרויסגעגעבען אַן אוקאַז, אַז זיין גזרה אויף די אידען איז בטל און האָט קיין שום האַפט ניט. און די גוטע בשורה האָט באַלד געגרייכט אין אַלע ערטער, וואו די אידען זיינען געוועזן און זיי האָבען געדאַנקט און געלויבט גאָט און אומעטום איז געוועזן ששון ושמחה, אַ צווייטער פורים.

---

נשמה (נעשאָמע)—זעלע, soul; קוים וואָס די נשמה האַלט זיך אין איהם—קוים וואס ער לעבט. תחנונים (טאַכנונים)—ביטער געבעט, ביטער געוויין. שום—וועלכע ס'איז. האַפט—קראַפט. בשורה (בעסורע)—אַנזאַג, נייעס. ששון ושמחה (סאָסן וועסימכע)— גרויס פרייד, יום טוב.

---

דאָס איז איינע פון פיעל עהנליכע פאָלקס־געשיכטען וועגען פאַרשיידענע טי־ראַנען, וואָס האָבען די אידען געוואָלט שלעכטס טאָן און ווי מען האָט זיי אָנ־געלערנט, אַז זיי זאָלען בעסער ווערן. די אויביגע געשיכטע איז אפשר איינע פון די נייעסטע (צאַר ניקאָלאַי דער ערשטער האָט געקיניגט איבער רוסלאַנד פון יאָהר 1825 ביז'ן יאָהר 1855) און ווייזט אַז די אידישע פאָלקס־פאַנטאַזיע איז נאָך ניט אויסגעוועפּט און האַלט נאָך אַלץ אין איין שאַפען. ניקאָלאַי האָט אַרויס־געגעבען פיעל גזרות אויף אידען.

די געשיכטע ווערט דאָ איבערזעצט פון י. זאַנגווילס Children of the Ghetto.



# ווי דער פוקס האט אפגענארט דעם מלאך המות

נאָך דעם, ווי אדם הראשון האָט געזינדיגט און געגעסען פון עץ הדעת, האָט גאָט באַשאַפען דעם מלאך המות און איהם געמאַכט פאַר'ן הערשער איבער גאָט'ס וועלט. און גאָט האָט געזאָגט צום מלאך המות:

„געה נעהם צו פאָר פון יעטווידער באַשעפעניש, מאַן און ווייב, און וואַרף זיי אַריין אין ים אַריין, און איבער די איבעריגע, וואָס וועלען בלייבען אויף דער יבשה, זאָלסטו געוועלטיגען, און אַז יעט־ווידענ'ס צייט וועט קומען, זאָלסטו אויף איהם אויפהויבען דיין שווערד".

איז דער מלאך המות געגאַנגען און געטאָן ווי גאָט האָט איהם באַפוילען און ער האָט גענומען פון אַלע חיות פון וואַלד און פון אַלע בהמות פון פעלד און פון די פויגלען פון הימעל און פון די אומקריכענדיגע זאַכען פון דער ערד און פון יעטווידער לעבעדיגער זאַך און פון יעטווידען באַזונדערען מין און ער האָט פון זיי אַריינגע-

---

אדם הראשון (אדאם האָרישן)—דער ערשטער מענש. עץ הדעת (עיץ האַדאַס)—דער בוים פון וויסען (אין גן עדן, וואו גאָט האָט אריינגעזעצט אדמ'ן מיט חוה'ן, דערצעהלט זיך, זיינען געווען צוויי בוימער; דער בוים פון וויסען און דער בוים פון לעבען; גאָט האָט זיי אָנגעזאָגט פון די דאָזיגע בוימער ניט צו עסען; האָבען זיי ניט געפאָלגט און געגעסען; איז דאָס די מענשען'ס ערשטע זינד געווען; איז פאַר אַ שטראָף געקומען דער טויט. מלאך המות (מאַלאָך האַמאָוועס)—דער מלאך פון טויט. ים (יאַם) — sea מעהרצאָהל—ימים (יאַמים). יבשה (יאַבאַשע)—די טריקעניש, די טרוקענע ערד, לאַנד. חיות (כאַיעס)—טיערען, beasts; חיה (כאַיע)—אַ טיער, beast. בהמות (בע-העימעס)—שטובּיגע און גראַז-עסענדע טיערען. מין—סאָרט.

וואָרפען אין ים אַריין, אַ זכר מיט אַ נקבה. און דער שר פון ים האָט זיי צוגענומען און זיי פאַרפלאַנצט אין זיין ברייטען וויינגאָרטען. דער פוקס איז דאָך אָבער אַ כיטרע באַשעפעניש, זאָגט ער צו זיך: אָט איך וועל אַקאָרשט דעם מלאך המות אָפּנאַרען. און ער האָט גענומען און אַוועקגעשטעלט זיך ביים ברעג ים, האָט זיך אין וואַסער אָפּגעשפּיגעלט זיין געשטאַלט. אַז ווי נאָר דער שליח פון טויט איז צו איהם צוגעגאַנגען און אָנגענומען איהם פאַר'ן עק אום אַריינצואוואַרפען איהם אין וואַסער, האָט דער גנב'ישער פוקס אויסגעשריען: „לאָז מיך אָפּ! זעהסט דען ניט, אַז מיין חבר איז שוין אין ים?" און דער מלאך המות האָט אַריינגעקוקט אין ים און דערזעהן דאָרט דעם פוקס' געשטאַלט, רופט ער זיך צו איהם אָפּ: „דו זאָגסט אַן אמת, דיין גלייכען איז שוין אין ים, און איצט געה דיר אַוועק פון דאַנען און פיטער זיך דיר אויף'ן פעלד פון די לעבעדיגע, ביז דיין צייט וועט קומען". און דער פוקס האָט זיך געלאָזט אין וועג און איז קוים אַנטלאָפען מיט'ן לעבען, און געזאָגט האָט ער צו זיך: בעסער לעבען אַ ביסעל אויף דער ערד, איידער אייביג אונטען אין ים.

און אַז עס אַריבער אַ יאָהר צייט, האָט דער לויתן, דער קיניג פון די חיות פון ים, באַפוילען, אַז מען זאָל פאַר איהם צונויפזאַמלען אַלע באַשעפענישען. וואָס געפינען זיך אין זיין ברייטען קיניגרייך, סאַי די אַלטע איינוואוינער פון ים און סאַי די געבירטיגע פון דער יבשה, וואָס האָבען פאַרנומען זיינע אינזלען און זיך אויף זיי באַזעצט, און אַלע זאָלען זיך פאַר איהם אויסשטעלען, וואָרים ער וויל זיי איבערצעהלען. און עס איז אַזוי געווען. און אַז אַלע

---

**זכר** (זאכאר)—אז ער, male; מעהרצאהל—**זכרים** (זעכארים). **נקבה** (נעקעיווע)—א זי, female; מעהרצאהל—**נקבות** (נעקעיוועס). **שר** (סאר)—הארר, הערשער, מלאך, קיניג. **שליח** (שעליאך)—דער וועמען מען שיקט ער זאל פאר אימיצען עפעס טאן; **דער שליח פון טויט**—דער מלאך המות. **גנביש** (גענעיוויש)—כיטרע, אזא וואס האט א סך שפיצלאך. **חבר** (כאווער—א גלייכען, א צווייטער פון דעם מין, א קאמפאניאן, א פריינט; מעהרצאהל—**חברים** (כאוועירים). **לויתן** (ליוויאסאן)—דער גרעסטער פיש פון ים, דער קיניג פון די פישען. **געבירטיגע**—געבוירענע. **אינזלען**—**islands**.

חיות און עופות און אַנדערע לעבעדיגע זאַכען האָבען זיך צונויפגע־קליבען און זיי האָבען מחנות־ווייז און שורות־ווייז זיך אויסגעשטעלט אַרום און אַרום דעם ים־קיניג׳ס פּאַלאַץ, האָט דער שר של ים אויפגעהויבען זיינע אויגען און דערזעהן, אַז אַלע פרעמדע חיות פון דער יבשה זיינען פאַראַן, נאָר דער פוקס איז ניטאָ. רופט ער זיך אָפּ צו זיינע דינער: „וואָס באַטייט עס, וואָס דער פוקס איז ניטאָ צווישען די אַנדערע אַנגעקומענע פון דער יבשה, און מיט וואָס איז ער אַנדערש פון אַלע איינוואוינער פון דער ערד?” האָט מען איהם דערצעהלט ווי שלוי דער פוקס איז און ווי אַזוי ער האָט אָפּגענאַרט דעם מלאך המות. רופט זיך אָפּ דער לויתן: „אויב עס איז אַזוי, אַז ער איז טאַקע אַזאַ חכם, טאָ געהט צו איהם אויף דער יבשה און פאַרנאַרט איהם און ברענגט איהם אַהער צו מיר וועל איך אויפעסען זיין האַרץ, וועל איך זיין נאָך קליגער פון איהם”. און דער לויתן האָט אויסדערוועהלט צוויי פון די ערשטע פישען און ער האָט זיי אַרויסגע־שיקט אינ׳ם פוקס׳ לאַנד, זיי זאָלען איהם דאַרטען פאַנגען.

זיינען די שלוחים געגאַנגען, אַזוי ווי זייער קיסר האָט זיי אָנ־געזאָגט, און זיי זיינען געקומען און געוואַנדערט אויפ׳ן ברעג ים, און זיי האָבען דערזעהן אַ חיה אויף פיער פיס און מיט אַ געדיכטען עק שפּאַצירט זיך אַרום אויף דער יבשה. איז די חיה זיי געפעלען גע־וואָרען, האָבען זיי אַרויסגעשטעקט זייערע קעפּ פון וואַסער און גע־פרעגט: „ווער ביסטו, דו פיער־פיסיגער?” רופט זיך אָפּ דער געפרעגטער: „איך בין עס דער פוקס, אַזוי האָט מיר אָדם הראשון אַ נאָמען געגעבען.” דערנאָך פרעגט דער פוקס ביי די פיש: „און איהר, וואָס טוט איהר דאָ?” און זיי האָבען איהם געענטפערט און געזאָגט: „פון דיין כבוד וועגען זיינען מיר עס טאַקע געקומען אַהער־

---

עופות (עיפעס)—פויגלען (געפליגעל). מחנות (מאַכנעס)—אָפּטיילונגען (אַזוי ווי פון סאָלדאַטען), גרופּעס; מחנה (מאַכנע)—אַן אָפּטיילונג, אַ גרופּע. שורות (שורעס)—רייהען, ציילען, ranks; שורה (שורע)—אַ רייהע, אַ צייל, line, rank, row. של (שעל)—פון; שר של ים—דער האר פון ים. שלוי—כיטרע. חכם (כאַכעם)—אַ קלוגער. שלוחים—(די מעהרצאָהל פון שליח). כבוד (קאָווער)—עהרע, honor, glory.

צו". האָט זיך דער פוקס שטאַרק פאַרוואונדערט און געפרעגט: „וואָס פאַר אַ געשעפּטען קענט איהר עס מיט מיר האָבען? און ווי קענט איהר, איינוואוינער פון ים, מיר אָנטאָן כבוד?" האָבען די פישען צו איהם געזאָגט: „הער נאָר אויס, וואָס מיר ווילען דיר דערצעהלען. דו ווייסט דאָך, אַז דער לויתן, דער גרויסער פיש, וואָס גאָט האָט איהם מיט זיינע הענט אַליין באַשאַפען אין די ששת ימי בראשית, איז אונזער האַר און קיניג און וואָס ער טוט זאָגען און וואָס ער טוט באַפעלען איז ביי אונז אַ געזעץ. יעטווידען טאָג מוזען מיר איהם פון אונזער חיל צושטעלען אַזוי פיעל און אַזוי פיעל הונדערטער פיש פאַר זיין מאָהלצייט, פון דעסטוועגען אַנטלויפען מיר ניט, און מיר וואַרפען צווישען זיך ניט קיין גורל, נאָר מיר אַלע קומען צו איהם און מיר וואַרטען ער זאָל נאָר עפענען דאָס מויל. און ווי נאָר ער צעעפענט זיין שלונד, גיבען מיר אַ שפּרונג און מיר קומען אַריין אין שלונד און גערן ווערן מיר איינגעשלונגען אין זיין גומען. אָבער איצט איז אונזער קיניג זעהר קראַנק און ער האַלט ביים שטאַרבען, און קיין זוהן, וואָס זאָל אָפּ׳ירש׳נען זיין מלוכה, האָט ער ניט, ווארים דו ווייסט דאָך, אַז גאָט האָט זיין ווייב גע׳הרג׳עט גלייך ווי זי איז באַשאַפען געוואָרען און איינגעזאַלצען זי פאַר די צדיקים אויף יענער וועלט. און אַז אונזערע האַרען און אונזערע גרויסע לייט זיינען געקומען צו אונזער קיניג און האָבען צו איהם געזאָגט: „לויתן, אונזער האַר, אַט דו געהסט דאָך פון אונז אַוועק, און דיין נשמה וועט זיך אומקערען צו גאָט, טאַ ווער וועט זיין אונזער הערשער, אַז דו וועסט שוין מעהר ניט זיין און וועמעס געבאָט זאָלען מיר דענסטמאָל פאָלגען?" האָט דער קיניג זיך אָפּגערופען און צו זיי געזאָגט: „דער פוקס, וואָס איז דער קליגסטער פון אַלע חיות אויף דער ערד, ער זאָל קומען אין מיין פּאַלאַץ און ער זאָל קיניגען איבער אייך און זיין קול זאָלט איהר צוהערען אַזוי ווי איהר האָט די גאַנצע

---

**ששת ימי בראשית** (שעישעס יעימעי בערעישים) — די זעקס אנפאנג־טעג, די ערשטע זעקס טעג פון דער וועלט, וואס אין זיי האט גאט זי באשאפען. **חיל** (כאַיִל) — ארמיי. **שלונד** — א טיפער, שרעקליכער מויל (ביי א חיה). **גומען** — דאס אינעווענינגסטע פון מויל, **palate**. **אָפּ׳ירש׳ענען** — (אפּיארשענען). **צדיקים** (צאַדיקים) — גוטע, פרומע לייט; איינצאהל — צדיק (צאַדיק). **געבאָט** — באפעל.

צייט צוגעהערט מיין קול, און זיין מאַהלצייט זאָלט איהר איהם יעדען טאָג צושטעלען אַזוי ווי איהר האָט די גאַנצע צייט מיר צוגע-שטעלט.” און אָט מיט דער שליחות זיינען מיר היינט צו דיר גע-קומען, און טאָמער גלויבסטו אונז ניט, איז אָט האָסטו אַ סימן: אַ ביין פון לויתן'ם פליגעל״. „און זיי האָבען אויסגעשטרעקט דעם פליגעל צום פוקס, איז עס געווען אַזוי לאַנג, אַז קיין שום באַשעפעניש האָט ניט געקענט זעהן ניט זיין אָנהויב, ניט זיין סוף.



און די דאָזיגע רעד זיינען דעם פוקס אַריין אין נאָז, און ער האָט צו זיך געזאָגט: ווער בין איך דאָ און וואָס האָב איך דאָ? אָט טרייב איך מיך גאַנצענע טעג אַרום אויף גע͏יעג, און אפילו אַז עס פאַלט מיר שוין יאָ עפּעס אין יד אַריין, קומט דער לייב, דער בער און דער לעמפּערט, וועלכע זיינען גרעסער פון מיר, און רייסען מיר אַרוים דעם ביסען פון מויל. אָבער דאָרטען וועל איך זיין דער

---

סימן (סימאן)—אַ צייכען, אַ באַווייז. יד (יאד)—האַנט. לעמפּערט—טיגער, leopard.

קיניג פון אַלע פיש־חילות און אויך איבער מיינע חברים פון דאַנענט דורך זייער גלייכען דאָרט, און וואָס וועט מיר דענסטמאָל פעלען? און דער פוקס האָט געזאָגט צו די פישען: „אויב עס איז אַזוי ווי איהר זאָגט, און איהר זייט ניט געקומען מיך בלויז אויסשפּיאָנעווען, וועל איך מיט אייך געהן. אָבער ווי זאָל איך געהן מיט אייך איבער׳ן ים, איך קען דאָך ניט שווימען?" האָבען די שלוחים איהם געענט־פערט: „זעץ זיך רייטענדיג אויף איינעם פון אונז, ביז מיר וועלען דיך ברענגען אין קיניגליכען הויף, וואו דו וועסט אַליין נעמען קיני־גען, ווען אונזער האַר, דער לויתן, וועט שטאַרבען". און דער כיט־רער פוקס האָט זיי דאָס מאָל געגלויבט, און ער האָט זיך אַרויפגעזעצט אויף׳ן רוקען פון אַ פיש און מען איז אַוועקגעשוואומען אין ים.

ווי נאָר מען איז אַ ביסעל אָפּגעשוואומען פון ברעג, האָט זיך דער פוקס געכאַפּט, וואָס ער האָט דאָ געטאָן, און ער האָט צו זיך אַליין געזאָגט: זיי האָבען מיך אַריינגענאַרט אין זאַק, די דאָזיגע נאַראָנימלעך האָבען אַריינגענאַרט מיך, דעם קליגסטען פון אַלע מיינע ברידער. איצט וועלען אַלע פון מיר מאַכען חוכא וטלולא׳ס, אָנשטאָט וואָס פריהער האָב איך געלאַכט פון דער גאַנצער וועלט; ווי איך האָב געטאָן צו אַנדערע אַזוי איז איצט מיר אַליין אָנגעקומען, מדה כנגד מדה. איצט וועלען אַלע חיות און בהמות פון דער ערד דערהערען, וועלען זיי זאָגען: „דער פוקס איז געפאַנגען אין דער נעץ פון די פיש!" אַזאַ חרפה, אַזוינע בזיונות! און דעם פוקס איז געוואָרען זעהר ניט גוט אויף׳ן האַרצען און ער האָט געזאָגט צו זיך: איך שווער ביי גאָט, אַז מעג זיך זיין, וואָס עס וויל זיך, אָבער איך וועל מיין לעבען פון די דאָזיגע כיטרע נאַראָנים אַרויס־ראַטעווען! און ער האָט זיך אַ קער געטאָן צום פיש, וואָס אויף איהם איז ער געריטען, און ער האָט געזאָגט:

„מילא, איך זעה דאָך, אַז עס איז שוין פאַרפאַלען, איך בין דאָך ביי אייך אין די הענט, טאָ זאָג כאָטש איצט דיין קנעכט דעם אמת,

---

**חילות** (כאַיאָלעס) — אַרמייען (די מעהרצאָהל פון חיל). **חוכא וטלולא** (כוכע טלולע) — גרויס געלעכטער. **מדה כנגד מדה** (מידע קענעגעד מידע) — (אַ מאָס פאַר אַ מאָס), אַ קלאַפּ פאַר אַ קלאַפּ; ווי מען פיהרט זיך אַזאַ געצאָהלט באַקומט מען. **חרפה** (כאַרפּע) — שאַנדע. **בזיונות** (ביזיוינעס) — שאַנדע, די מיאוסקייט פון ווערן פאַרשעמט און אויס־געלאַכט. **מילא** (מעילע) — נו, זאָל זיין אַזוי.

וואָס ווילט איהר עס מיט מיר טאָן, און וואָס אַזוינס האָט איהר פון מיינטוועגען צוגעטראַכט ? וואָרים דו אַליין גלויבסט דאָך ניט אין דעם, וואָס דו האָסט מיר געזאָגט. דער לויתן, וואָס איז באַשאַפען פון אַלמעכטיגען, לעבט דאָך אייביג און איך אויף זיין אָרט וועל קיין קיניג אַודאי און אַודאי ניט זיין."

און דער פיש האָט געזאָגט צום פוקס :

„גוט, לאָמיך צו דיר טאַקע איצט רעדען אָהן פאַלשקייט און אָהן נאַרעריי. סאַי ווי בין איך צו דעם ניט געוועהנט געוואָרען, מיר פיש זיינען אמת'ע לייט. זאָלסטו טאַקע וויסען, אַז דער לויתן איז ניט קראַנק געוואָרען און ניט מען האָט צו איהם גערעדט און ניט מען האָט איהם געפרעגט. ווער עס זאָל זיצען אויף דעם כסא־מלוכה נאָך איהם און ער האָט דיך ניט באַשטימט פאַר קיין האַר איבער אונז נאָך איהם. נאָר וואָס זשע דען ? דער לויתן האָט דער־הערט פון דיין גרויס קלוגשאַפט און שלויהייט, האָט זיך איהם פאַר־וואָלט זעהן דיך און אויפעסען דיין האַרץ, כדי זיין חכמה זאָל זיך דערפון מעהרען. און איצט, אַז דו ווייסט שוין דעם גאַנצען אמת, זאָלסטו ניט קלאָגען אויף מיין קאָפּ, נאָר געדולדיג אַריבערטראָגען דיין גורל, וואָרים דיר פאַסט ניט צו קלאָגען און איבערטראַכטען וועגען זאַכען, וואָס מען קען צעריק ניט כאַפּען".

און דער כיטרער פוקס האָט אָפּגעענטפערט :

„דו רעדסט ריכטיג, און עס איז פאַר מיר אויך ניט קיין קליינער כבוד אַריינצוגעהן אין בויך פון דעם קיניג פון אַלע פישען און דורך דעם פאַרגרעסערען זיין חכמה. און געוויס וועל איך ניט באַוויינען מיין מזל. אדרבא, עס איז גלייכער פאַר מיר אויפגעגעסען צו ווערן פון גרויסען קיניג פון ים, איידער מיין גאַנץ לעבען מלחמה צו האַל־טען מיט מיינע קליינע פיינט אויף דער ערד. נאָר איין זאַך פאַרדריסט מיר, וואָס איך האָב פריהער ניט געוואוסט, צו וואָס איהר רופט

---

אודאי (אוואדע)—געוויס; אודאי און אודאי—גאַנץ געוויס. כסא מלוכה (קיסע מעלוכע)—דער קיניגליכער שטול, דער טראהן. כסא (קיסעי)—א שטול. גורל, מזל (מאזל)—שיקזאל, fate. מזל—luck. אדרבא אדערבע אדער אדעראבע)—פאַר־קערט, נאך בעסער, זאל טאקע (למשל). מלחמה (מילכאמע)—קאמף, struggle, war.

מיך און צו וועלכען צוועק איך געה אַוועק פון דערהיים. וואָלט איך דאָס געוואוסט, וואָלט איך דאָך אַוועקגענומען מיין האַרץ פון דעם באַהעלטעניש, וואו איך האָב עס באַהאַלטען. איצט ווייס איך ניט, ווי וועט זיין. אייער קיניג וויל דאָך נאָר אויפעסען מיין האַרץ און ניט עפּעס אַנדערש?”

און אַ שרעק איז באַפאַלען די פישען און זיי האָבען געפרעגט:

„וואָס? עס איז טאַקע אמת, וואָס דו זאָגסט? דיין האַרץ איז גאָר אויף דער יבשה?”

און דער פוקס האָט זיי רוהיג געענטפערט:

„יע, דאָס איז אונזערער אַ סוד. איצט מעג איך דאָך אייך שוין אויסזאָגען. מיר פוקסען, אַז מיר געהען אַרוים שפּאַצירען אָדער אויף געיעג, לאָזען מיר אונזער האַרץ איבער אין אונזער הייהל, נאָר אַז מיר דאַרפען זיך מיט׳ן האַרץ מכח עפּעס מיישב זיין, אָדער אַז מיר דאַרפען באַקלערען עפּעס אַן אינטערעס, קערען מיר זיך אום צום אָרט, וואו דאָס האַרץ ליגט באַהאַלטען און מיר שטעלען עס צוריק אַריין אין אונזער גוף”.

אַז די פישען האָבען דאָס דערהערט, רופען זיי זיך אָפּ:

„אויב אַזוי, האָבען מיר דאָך אומזיסט אָנגעלעגט אַזוי פיעל וועג: איצט גיב שנעל אַן עצה, וואָס מיר זאָלען טאָן, און ווי מיר זאָלען פאַרריכטען, וואָס מיר האָבען פאַרדאַרבען”.

רופט זיך אָפּ דער פוקס:

„איך זעה ניט קיין אַנדער עצה און קיין אַנדער פאָרטעל, סאַי־דען אַז מיר זאָלען זיך צוריק אומקערען צום ברעג ים און איך זאָל דאָרט נעמען מיין האַרץ און מיט אייך פון דאָס ניי אַוועקשווימען. וואָרים אַז ניט, אויב איהר וועט מיין עצה ניט פאָלגען און איהר וועט מיך אַוועקפיהרען אַזוי, אָהן אַ האַרץ, איז, אַז איהר וועט קומען צו אייער האַר און ער וועט אויפשפּאַלטען מיין ברוסט און דערזעהן, אַז

---

**סוד** (סאָד)—סעקרעט, א געהיימעניש, **secret, mystery**. **הייהל**—**cave**. **מכח** (מיקעיאַך)—וועגען. **מיישב זיין** (מעיאַשעוו זיין)—בעראַטען זיך, זיך אַן עצה האַלטען. **אָנלעגען וועג**—פאַרלירען אומזיסט גאַנג, געהן מעהר אדער ווייטער איידער ס׳איז נויטיג. **פאַרדאַרבען**—קאַליע מאַכען. **פאָרטעל**—א מיטעל, א פּלאַן.

דאָס האַרץ איז ניט מיט מיר, וועל איך צו איהם צוגעהן און זאָגען:
„אדוני קיניג, מאַך ניט שולדיג דיין קנעכט, אַזאַ פיהרונג איז שוין ביי אונז פוקסען, און דיינע פישען האָב איך וועגען דעם דערצעהלט, און געבעטען האָב איך מיך ביי זיי, אַז זיי זאָלען זיך מיט מיר אומ־קערען, איך זאָל דיר, גרויסער קיניג, מיין האַרץ ברענגען, אָבער זיי האָבען מיך ניט געהערט און פון דיר האָבען זיי געמאַכט חוזק". דאַ־מאָלס וועט דער קיניג מיך לאָזען צורוה און אויף אייך וועט ער צאָרע־נען און זאָגען: „גלייך זאָלט איהר געטויט ווערן, דערפאַר וואָס איהר האָט געפעלשט אין מיר און אין מיין שליחות און איהר האָט ניט געטאָן, ווי איך האָב אייך געהייסען."

האָבען די פישען זיך אַן עצה געהאַלטען צווישען זיך, און עס איז ביי זיי געבליבען, אַז דער פוקס איז נאָר אויסען זייער טובה, און זיי האָבען זיך אומגעקערט אויף זייערע טריט צעריק צום ברעג צו און זיי זיינען שנעל געשוואומען, כדי זיי זאָלען וואָס גיכער אָנקומען צו זייער ציל, אַז דער פוקס זאָל קענען נעמען זיין האַרץ און זיי זאָ־לען פאָהרען צו זייער קיניג.

אָבער ווי נאָר זיי זיינען צוגעקומען צום ברעג, אַזוי איז דער פוקס אַראָפּגעשפרונגען פון רוקען פון פיש אויף דער יבשה, און פאַר גרויס שמחה האָט ער אָנגעהויבען טאַנצען און מאַכען קאָזעלקעס קייקלען זיך אין זאַמד. האָבען זיך די פיש זעהר פאַרוואונדערט, און זיי האָבען געזאָגט: „פוקס, פוקס, דו ווייסט דאָך צוליב וואָס מיר האָבען זיך אומגעקערט אַהער, און איצט נעם צעריק דיין האַרץ פון דעם באַהעלטעניש, וואו דו האָסט עס באַהאַלטען, און לאָ־מיר געהן אין אונזער אָרט, מיר האָבען שוין אַזוי אויך גענוג צייט צע'פּטר'ט, און אונזער פאָטער, דער קיניג, וועט וועגען אונז זאָרגען".

און דער פוקס האָט געעפענט זיין מויל מיט גרויס געלעכטער און געזאָגט:

---

חוזק (כעיזעק)—געלעכטער, שפאָט. חוזק מאַכען—אויסלאַכען. צערנען (צאָר־נען)—איז כעס זיין. אויסען זיין—וועלען, זוכען. מאַכען קאָזעלקעס—turn somersets. צע'פּטר'ן (צעפּאַטערן)—אויסברענגען אומזיסט, איבערפיהרען, ארויס־ווארפען.

„העי איהר נאַראָנים, איהר שוטים בני פיקהאָליץ, ווי אַזוי האָט איהר עס געקענט גלויבען אַזאַ נאַרישע זאַך, אַז אַ באַשעפעניש זאָל אָהן אַ האַרץ קענען מאַכען אַפּילו איין שפּרייז? און ווי קען איך גאָר איינפאַלען, אַפּילו אויף אַ רגע, אַז נאָך דעם, ווי איך האָב מיך פון אייך מיט מיינע איינפאַלען קוים אַרויסגעראַטעוועט, זאָל איך מיך מיט אייך אומקערען צום אָרט, וואו איך האָב פון אָנפאַנג אָן ניט געוואָלט וואוינען?"

„הייסט עס, אַז דו האָסט עס פון אונז בלויז שפּאַס געמאַכט ווען דו'סט אונז דערצעהלט וועגען דיין האַרץ? האָסט אונז, הייסט עס, געזאָגט אַ ליגען?"

און דער פוקס האָט זיי געענטפערט:

„מה דאָך פון מלאך המות, וואָס ער געוועלטיגט איבער אַלץ, האָב איך שפּאַס געמאַכט און זיך פון איהם אַרויסגעראַטעוועט, אַפּשיטאַ שוין פון אייך שוואַכע, נאַרישע ברואים! און איצט נעמט די פיס אויף די פּלייצעס און לויפט ווי שנעל אייערע פליגלען וועלען אייך נאָר טראָגען, אַז ניט וועל איך קעגען אייך צונויפנעמען אַלע מיינע חברים און מיין גאַנץ חיל, און עס וועט פון אייך ניט איבער־בלייבען קיין ביין און קיין שאָלעכץ".

האָבען די פיש געכאַפּט און אַנטלאָפען, און האָבען זיך מיט חרפות־בזיונות אומגעקערט צו זייער קיניג דעם לויתן און זיי האָ־בען איהם דערצעהלט אַלץ, וואָס האָט זיי געטראָפען מיט'ן פוקס, און דער מעכטיגער לויתן האָט אויף זיי מורא'דיג געצאָרנט און זיין כעס האָט אין איהם געברענט, און ער האָט צו זוי געזאָגט: „אָט איהר האָט טאַקע אויף אָן אמת'ן קיין האַרץ ניט. אָט אויף אַזעלכע, ווי איהר געהט טאַקע דאָס ווערטעל: „די נאַרישקייט פון די נאַ־ראָנים ברענגט אויף זיי דעם טויט". און ער האָט זיי איינגעשלונגען.

פון דענסטמאָל אָן האָט שוין דער לויתן מעהר אויף דער יבשה קיין שלוחים נאָך'ן פוקס ניט געשיקט. און דאָס קיניגרייך פון ים

---

שוטה (שעיטע)—אַ נאַר; שוטה בן (בען) פיקהאָליץ—אַ גרויסער נאַר (די מעהר־צאָהל—שוטים בני (בענעי) פיקהאָליץ). שפּרייז—אַ טריט. ברואים—באַשעפּע־נישען. די נאַרישקייט א. ז. וו.—דאָס ווערטעל געפינט זיך אין משלי (The Book of Proverbs).

האָט די געשטאַלטען פון אַלע חיות און אַלע פויגלען און אַלע אָרומ-קריכענדיגע זאַכען פון דער יבשה, אָבער די געשטאַלט פון דעם פוקס האָט עס ניט עד היום הזה.

---

דאָס אויביגע מעשה'לע איז איינס פון די פיעל תלמודישע משלים און פּאַראַ-בעלען וועגען פוקסען און אַנדערע חיות. עס איז אויך איינס פון די פּרעכטיגסטע פּאַרצייטיגע חיות-געשיכטען. לײדער איז עס ווענִיג באַוואוסט.

אין איצטיגען בּוּך איז עס איבערזעצט פון בערדיטשעווסקי'ס „מאוצר האגדה", וואו עס ווערט דערצעהלט לויט'ן „אלפא ביתא דבן סירא".



# אפּגעשלאָפען זיבעציג יאָהר

אַמאָל, אַמאָל, ווען דער צווייטער בית המקדש איז נאָך גע־שטאַנען, האָט אין דער הייליגער שטאָט ירושלים געלעבט אַ מענש, איז ער געווען זעהר אַ פרומער, און גאָט האָט איהם האָלט געהאָט און אַליץ, וואָס זיין מויל האָט פאַרלאַנגט, האָט ער פון איהם ניט פאַרמיטען. און אַז ער פלעגט אַריינקומען אין בית המקדש תפלה טאָן צו גאָט, האָט דאָס גאַנצע פאָלק פלוצים דערזעהן, אַז איבער'ן פּאַלאַץ האָט זיך צעגאָסען אַ גרויסע ליכטיגקייט פון זיין כבוד וועגען. און דער עולם האָט געזאָגט : „ניט אַנדערש אַז ער איז אַ היימישער מענש אין גאָט'ס הויז און ער האָט לייטזעליגקייט אין גאָט'ס אויגען". האָט מען איהם אַ נאָמען געגעבען ח ו נ י , וואָס איז דער טייטש — דער געלייטזעליגטער.

און איינמאָל, אַז ס'איז אַ צייט קיין רעגען ניט געגאַנגען אין ארץ ישראל, זיינען אַלע אידען געקומען צו חוני'ן און געזאָגט : „רוף צו גאָט, אַז ער זאָל אַראָפּשיקען רעגען אויף דער ערד !" איז חוני אויפגעשטאַנען, און האָט מיט זיין שטעקען אָנגעצייכענט אַ קרייז אַרום און אַרום. און ער האָט זיך געשטעלט אין מיטען קרייז און

---

**בית המקדש** (בעים האמיקדאש)—דאס הייליגע הויז, דער אלטער אידישער טעמפעל אין ירושלים (דער ערשטער בית המקדש איז געבויט געווארען פון שלמה המלך ארום טוי־זענד יאהר פאר דער קריסטליכער ערא און איז חרוב געווארען דורך די באבילאנער אין יאהר 586 פאר דער קריסטליכער ערא ; דער צווייטער בית המקדש איז אויסגעבויט גע־ווארען אין יאהר 516 פאר דער איצטיגער ערא, דורך דעם אידישען פרינץ זרובבל, און איז חרוב געווארען דורך די רוימער זיבעציג יאהר נאך דער קריסטליכער ערא). **האָלט**—ליב. **חוני**—(כויני). **לייטזעליגקייט**—גרויס ליבשאפט, געפעלענקייט, **grace**.

געזאגט: „איך טרעט פון דאנען ניט אפ. ביז גאט וועט ניט אראפ־שיקען קיין רעגען אויף דער ערד!" און גאט האט באלד דערפילט זיין באגעהר און א שטארקער רעגען האט אראפגענידערט אויף דער ערד. האבען איהם אלע א נאמען געגעבען חוני המעגל, וואס איז דער טייטש — חוני דער קרייז.

ויהי היום, איינמאל מאכט זיך א מעשה, און חוני המעגל רייט אויף זיין עזעלטע פארביי דעם בית המקדש און פון אינעווייניג דער־הערט ער א געזאנג. דאס זינגען די לויים א מזמור פון תהלים מכח די אידען, וואס האבען זיך אומגעקערט קיין ציון צוריק פון גלות בבל, און עס שטעהט אין איהם אזוי צו זאגען: „בשוב ה' את שיבת ציון היינו כחולמים" — וואס איז דער טייטש: אז גאט האט געטאן אומקערען די אומקערונג פון ציון, זיינען מיר געווען אזוי ווי די וואס חלום'ען. און א מחשבה האט חוני'ן אנגעהויבען צו פיקען אין מוח: „סטייטש, ווי קען עס געמאלט זיין? אין בבל זיינען די אידען אפגעווען גאנצע זיבעציג יאהר, טא זאלט עס זיין, אז די גאנצע זיבעציג יאהר זיינען נאר געווען א שלאף צי א חלום? צי קען דען א מענש אפשלאפען אדער אפ'חלומ'ען גאנצע זיבעציג יאהר? און טראכטענדיג אזוי און וואונדערנדיג זיך, ווי דאס קען גע־מאלט זיין, איז חוני ארויסגעפאהרען אויסען שטאט צו זיינע שני־טער. אויף'ן וועג דערזעהט חוני, ווי אן אלטינקער ערד־ארבע־טער פארפלאנצט א באקסער־בוים, איז ער צו איהם צוגעריטען און א פרעג געטאן: „זיידינקע, אין וויפיעל יאהר ארום וועט דער בוים

---

באגעהר—א שטארקער פארלאנג. המעגל (האמאיגאל). לויים (לעוויאים)—די זינ־גער און דינער אמאל איז בית המקדש, די אונטער־פריסטער (די פריסטער זיינען געווען די כהנים (קעיהאנים). מזמור (מיזמער)—א הייליג געזאנג, א הימנע. גלות (גאלעס)—פארטרייבונג, איבערהויפט די ארויסטרייבונג פון די אידען פון ארץ ישראל, דאס ערשטע מאל דורך די באבילאנער (גלות בבל—באוול), דאס צווייטע—דורך די רוימער (גלות רומא—רעימא). אזוי צו זאגען—אט די און די ווערטער. בשוב ה' את שיבת ציון היינו כחולמים (בעשואוו אדענאי עס שיוואס ציעיז האאינו קעכעילמים). חלום'ען (כאלימען)—טרוימען. to dream. מחשבה (מאכשאווע)—א געדאנק. סטייטש—וואס איז דער טייטש, דער זין דערפון? ווי הייסט עס? ווי קען עס זיין? געמאלט זיין—פאסירען, טרעפען.

אַרויסגעבען פּירות?" און דער אַלטינקער ערד־אַרבעטער האָט איהם געענטפערט: „אין זיבעציג יאָהר אַרום, מיין קינד." און חוני האָט ווייטער געפרעגט: „און דו, זיידינקע, קלערסט נאָך צו עסען פון די פּירות?" האָט דער אַלטינקער געענטפערט: „ניין, מיין קינד, איך בין גאָר ניט אַזאַ נאַר, איך זאָל נאָך האָפען צו לעבען אַזוי לאַנג, נייערט איך גרייט אָן פאַר מיינע אייניקלאַך פּונקט ווי מיינע עלטער־עלטערן האָבען אָנגעגרייט פאַר מיר". איז דעם אַלטען מאַן'ס קלוגער ענטפער חוני'ן אַריין אין נאָז.

דערווייל איז חוני געוואָרען הונגעריג און מיד, איז ער אַראָפּגע־קראָכען פון זיין עזעלטע און ער האָט פון זיין זעקעל אַרויסגענומען אַ שטיקעל ברויט און אַ שטיק טייטעל און ער האָט אין אַ קריגעל אָנגעשעפּט וואַסער פון קוואַל און זיך אַנידערגעזעצט אונטער אַ בוים און געגעסען און געטרונקען. אָבער איידער ער האָט נאָך גע־ענדיגט עסען, ערשט אַ סך פעדימלאַך פון שפּינוועבס האָבען איהם אַרומגערינגעלט, און די פעדימלאַך זיינען געוואָרען אַלץ מעהר און מעהר, און איין פעדימעל האָט זיך באַהעפט צום צווייטען, ביז זיי האָבען זיך צונויפגעוועבט און עס איז געוואָרען אַ געוואַנט, און פון געוואַנט איז בּיסלאַכוויז געוואָרען אַ פעלז, און דער פעלז האָט זיך אויסגעשפּרייט אַזוי ווי אַ געצעלט און דער געצעלט האָט אַרומ־געדעקט חוני'ן אַרום און פון אויבען, און אויף חוני'ן איז אָנגעפאַלען אַ מורא'דיגער דרימעל און ער איז אַנשלאָפען געוואָרען.

און קיינער פון חוני'ס הויזגעזינד און קיין מענש פון זיינע שטאָט־לייט האָט ניט געוואוסט, וואו ער איז אַהינגעקומען. און עס איז אַוועק אַ טאָג און עס זיינען אַוועק צוויי טעג, און ער איז אַלץ ניט גע־קומען. און פון די טעג זיינען געוואָרען חדשים און פון די חדשים זיינען געוואָרען יאָהרען. און חוני האָט זיך אַלץ ניט אומגעקערט. און די קליינע קינדער פון זיין הויזגעזינד און פון זיין שטאָט זיינען שוין אויסגעוואַקסען און געוואָרען מענשען, און האָבען געבוירען

---

פּירות (פּעירעס)—פּרוכט. נייערט—אָבער. באַהעפטען זיך—צונויפנעמען זיך, stick to. געוואַנט—cloth. געצעלט—tent. חדשים (כאַדאָשים)—מאָנאַ־טען (די מעהרצאָהל פון חודש).

זיהן און טעכטער, און זיינען אַלט געוואָרען און אַוועקגעשטאָרבען, און קיינער האָט שוין מעהר ניט געדענקט דעם אַמאָליגען חוני'ן. אַ חוץ נאָר זיין תורה און זיין חכמה פלעגט מען נאָך אַלץ דערמאָנען אין אַלע בתי מדרשים און אומעטום, וואו די חכמים האָבען זיך פאַר־זאַמעלט צו לערנען תורה.

און חוני אַליין איז זיך די גאַנצע צייט געלעגען און געדרעמעלט, פאַרשטעלט פון דעם פעלזענעם געצעלט, און איבער'ן גאַנצען אָרט איז געוועזען אויסגעגאָסען אַ טיפער דרימעל, קיין בוים האָט ניט געשאָקעלט מיט קיין צווייג און קיין פויגעלע האָט ניט געפלאַטערט מיט קיין פליגעלע ביז עס זיינען אַזוי אין שלאָף אַוועק גאַנצע זיבעציג יאָהר. אָבער ווי נאָר עס איז געקומען האַלבער טאָג אין סאַמע סוף פון די זיבעציג יאָהר, איז אַ ווינטעל געקומען צובלאָזען און אָנגע־ריהרט דעם פעלז און חוני האָט זיך אָנגעהויבען וועקען. אָבער די קייטען פון שלאָף האָבען איהם נאָך אַלץ געהאַלטען געבונדען. דער־ווייל איז דער פעלז אַלץ דינער און דינער געוואָרען, ביז וואַנען עס איז פון איהם צעריק געוואָרען טוך און פון טוך איז געוואָרען אַ סך פעדימלאַך און די פעדימלאַך זיינען אַלץ דינער און דינער געוואָרען, בז זיי זיינען אינגאַנצען צעקראָכען און ניט געוואָרען.

און חוני האָט אויסגעריבען די אויגען און זיך געשטעלט אויף די פיס. זעהט ער, אַז איבער'ן וועג וואַקסט אַ צווייגהאַפּטיגער בוים און אַ מענש נעמט פון איהם אַראָפּ די פירות אין אַ קאָרב. און חוני האָט דערקענט דעם בוים, אַז דאָס איז דער באָקסער־בוים. געהט ער צו צום מענשען און טוט אַ פרעג: „דו האָסט עס געפלאַנצט דעם באָקסער־בוים?" רופט זיך דער מענש אָפּ: „משוגע ביסטו צי חסר דעה? צי קען דען אַ מענש עסען די פירות פון דעם באָקסער־בוים, וואָס ער אַליין פלאַנצט? מיין זיידע האָט דעם באָקסער־בוים פאַר־

---

**תורה** (טעירע)—גאָט'ס וואָרט, די לעהרען פון דער אידישער רעליגיע, די הייליגע אידישע ביכער, געלערנטקייט אין דער תורה. **בתי מדרשים** (באַטעי מעדראַשים)—שוהלען, איבערהויפּט אַזעלכע, וואו מען לערנט תורה (די איינצאהל איז **בית מדרש**—(בעים מעדרעש)—**צווייגהאַפּטיג**—רייך מיט צווייגען. **משוגע** (מעשוגע). **חסר דעה** (כאַסער דעיע)—אָהן פאַרשטאַנד, אָהן זינען.

פלאַנצט און איז אָפּגעשטאָרבען, און איך עס זיינע פּירות.״ האָט חוני געזאָגט צו זיך אַליין: „הפּנים, אַז איך האָב אָפּגעשלאָפען זיבעציג יאָהר״. און חוני האָט ווייטער אויפגעהויבען זיינע אויגען און דערזעהן, אַז די עזעלטע, וואָס ער איז אויף איהר געריטען, איז געוואָרען אַ הויפען ביינער, און דאָס קישעלע פון איהר זאָטעל איז צעפאַלען געוואָרען אויף שמאַטעס, און אַרום דער נבלה פון דער עזעלטע פאַשעט זיך אַ טשערעדע עזלען און עזעלאַך, די קינדער און די אייניקלאַך פון זיין עזעלטע. און חוני האָט ווייטער געזעהן און



באַקוקט די גאַנצע געגענד אַרום, ערשט זי האָט איינגאַנצען אַן אַנדער פּנים געקראָגען: וואו פריהער איז געוועז פעלד, איז איצט גאָרטען, און וואו עס איז פריהער געוועזן אַ וויינגאָרטען איז גאָר איצט אַ פעלד פון תבואה; און דאָס וואָס אַמאָל איז געוועזן לאָנקע איז איצט וואַלד, און וואו עס איז געוועזן וואַלד איז געוואָרען אַ סאָד

---

הפנים (האפּאָנים)—ס'ווייזט אויס. נבלה (נעוועילע)—דער קערפּער פון אַ טויטער חיה אָדער בהמה. תבואה (טעוואוע)—אַלערליי קערנער, **grain**. לאָנקע—אַ פעלד פון גראָז אָדער היי. סאָד—גאָרטען.

פון מילגרוימען. און חוני האָט אַ זיפץ געטאָן און האָט אויסגערופען: „אַ פרעמדער בין איך געוואָרען אין מיין געבירטיגער שטאָט, איך דערקען זי שוין מעהר ניט!"

און חוני איז אויפגעשטאַנען און איז אַוועק צו זיך אַהיים און גע־פרעגט אויף זיין זוהן, האָבען די מענשען געזאָגט: „ווער? וואָס? חוני'ס זוהן איז שוין לאַנג אויף דער וועלט ניטאָ און איבער'ן גאַנצען הויז געוועלטיגט גאָר חוני'ס אייניקעל". האָט חוני זיך געלאָזט דער־קענען צום בעל הבית און ער האָט צו איהם געזאָגט: „איך בין דיין זיידע חוני!" אָבער יענער האָט איהם ניט געגלויבט און חוני האָט אַ זיפץ געטאָן און אויסגערופען: „אַ פרעמדער בין איך געוואָ־רען צו מיין אייגען פלייש און בלוט."

און חוני איז פון זיין אייגען הויז אַוועק און זיך געלאָזט געהן אין בית מדרש האָט ער דאָרט דערהערט ווי די חכמים קריגען צווישען זיך מכח אַ דין אין דער תורה: דער זאָגט אַזוי און דער זאָגט אַזוי. איז חוני צו זיי צוגעגאַנגען און זיי געגעבען די זאַך צו פאַרשטעהן און ריכטיג אָפּגעטייטשט דעם דין. איז דער פירוש שטאַרק געפע־לען געוואָרען די חכמים און זיי האָבען אויסגערופען: „דיינע רעד לויכטען דאָך אַזוי ווי די רעד פון חוני המעגל!". און ער האָט זיך אָפּגערופען און געזאָגט: „איך, איך בין דאָך עם חוני!" אָבער די חכמים האָבען איהם ניט געגלויבט, און חוני האָט ווידער אַ זיפץ געטאָן און געזאָגט: „אַ פרעמדער בין איך געוואָרען צו די חכמים פון מיין פאָלק!" און ער האָט זיך פון דאָרטען אַ קער געטאָן און איז אויפגעגאַנגען אין בית המקדש און זיך גענומען בוקען צו גאָט. איז ווי נאָר ער איז אַריינגעקומען האָט זיך איבער'ן גאַנצען פּאַלאַץ צעשפרייט אַ ליכטיגקייט פון זיין כבוד וועגען. זיינען די כהנים פון בית המקדש זעהר שטאַרק נתפעל געוואָרען, און זיי

---

מילגרוימען—גראַנאַטען. pomegranates. דין—אַ געזעץ, אַ פאַרשריפט. פירוש (פּעירעש)—דערקלערונג, אָפּטייטשונג. חכמים (כאַכאָמים)—קלוגע לייט, געלערנטע (אין דער תורה); איינצאַהל—חכם (כאָכעם). נתפעל (ניספּאָעל) ווערן—אַנטציקט ווערן, שטאַרק פאַרוואונדערט ווערן, באַקומען אַ שטאַרקען איינדרוק.

זיינען צו איהם צוגעגאַנגען און געזאָגט: „פון חוני המעגל'ס צייטען אָן איז אַזאַ וואונדערליכע זאַך ניט געזעהן געוואָרען אין בית המקדש!" האָט חוני אויסגערופען: „איך בין דאָך עם חוני, איך בין עם!" אָבער די כהנים האָבען־איהם ניט געגלויבט, און חוני האָט נאָך אַמאָל אַ זיפץ געטאָן און געזאָגט: „אַ פרעמדער בין איך געוואָרען צו די כהנים פון'ם הויז פון מיין גאָט!"

און חוני איז אַרויס פון בית המקדש און ער האָט זיך אַרומגע־דרעהט איבער גאַסען און מערק און נאָכגעפרעגט זיך אויף זיינע אַלטע גוטע פריינט, אויף די חברים פון זיינע קינדער־יאָהרען, ערשט אַלע זיינען שוין צעשטאָרבען. האָט חוני געזאָגט צו זיך אַליין: „ווי באַלד אַז איך האָב שוין אויף דער וועלט מעהר קיין חבר ניט, טו וואָס טויג מיר איינגאַנצען דאָס לעבען?" איז ער אַן אומעטיגער, אַ פאַר'דאגה'־טער אַוועק צעריק צום באָקסער־בוים און זיך אַנידערגעלעגט אין זיין שאָטען. איז ווי ער האָט זיך נאָר געלעגט, ערשט אַ סך גינגאָלדענע פעדימלאַך האָבען איהם אַרומגערינגעלט. און די פעדימלאַך זיינען געוואָרען אַלץ מעהר און מעהר, און איין פעדימעל האָט זיך באַהעפט אין צווייטען, איינס אין צווייטען, ביז זיי האָבען זיך צוזאַמענגע־וועבט אין אַ גינגאָלדענעם פאָרהאַנג. און דער פאָרהאַנג איז פאַרוואַנ־דעלט געוואָרען אין אַ ליכטיג־שיינענדיגער קאָלדרע און זי האָט זיך אויסגעשפרייט ווי אַ געצעלט און חוני'ן איינגעדעקט אַרום און אַרום און פון אויבען, און אויף חוני'ן איז אָנגעפאַלען אַ מורא'דיגער דרי־מעל און ער איז אַנשלאָפען געוואָרען, און יונגע מלאכים'לאַך און היי־ליגע שרפים זיינען געקומען און חוני'ן, וואָס איז געווען איינגעוויקעלט אין ליכטיגקייט ווי אין אַ קלייד, האָבען זיי גענומען אויף זייערע פליגלען און איהם אַרויפגעטראָגען הויך אין הימעל אַריין. און דאָרט האָט חוני געטראָפען אַלע זיינע געליבטע און טייערע, וועלכע ער האָט

---

פאַר'דאגה'ט (פארדאיגעט)—פארזארגט; דאגה—זארג. גינגאָלד—לויטער, ריין גאלד. פאָרהאַנג—curtain. מורא (מעירע)—שרעק, fear; מורא'דיג—שרעקליך גרויס. שרפים (סראפים)—פייערדיגע מלאכים; איינצאהל—שרף (סראף).

אומזיסט געזוכט דאָ אויף דער ערד, און ער האָט אויסגערופען און גע-זאָגט: „אָט איצט וויים איך, אַז איך לעב, וואָרים אַלע מיינע ליבע האָב איך דאָ געפונען, און איצט פעלט מיר שוין קיין זאַך ניט“.

---

דאָס דאָזיגע מעשה'לע וועגען דעם אַלטען תנא, וואָס האָט אָפּגעשלאָפען זי-בעציג יאָהר איז אַ באַוואוסטע תלמודישע לעגענדע. חני המעגל האָט געלעבט אין ערשטען יאָהרהונדערט פאַר דער קריסטליכער רעכענונג. דאָס מעשה'לע ווערט דאָ איבערזעצט נאָך וואָלף יעבץ'ס באַאַרבייטונג אין העברעאיש.



# חיים דער שניידער און דער פוילישער קיניג

**אַ מעשה נפלא. ווי אַזוי אַ למד'וואָו'ניק האָט געראַטעוועט די קהלה קדושה פון קראָקע פון אַ שרעקליכער גזרה.**

---

שטיל און רוהיג האָבען געלעבט די אידען פון קראָקע און שוין לאַנג ווי זיי האָבען ניט געוואוסט פון גזרות און רדיפות.

אָבער עס שלאָפען ניט און דרימלען ניט די שונאי ישראל און זיי קענען ניט צוזעהן, ווי די אידען כאַפּען אַ ביסעל אָפּ דעם אָטעם. און אויך אין דער שטאָדט קראָקע, וואָס אין אַלט־פּוילען, איז אויפגעשטאַנען אַ צורר־היהודים, אַ רשע מרושע, וואָס האָט גענומען טראַכטען בעזע מחשבות אויף אידען.

---

**נפלא** (ניפלע)—וואונדערבאר. **למד** (לאַמעד) **וואָוו'ניק**—איינער פון די זעקס־און־דרייסיג (ל"ו—36) פארבארגענע צדיקים, וואס אויף זיי שטעהט די וועלט. **קהלה** (קע־הילע)—א געמיינדע (אידען), די אידען פון איין שטאָט אלע אינאיינעם. **קהלה קדושה** (קעדעישע)—די הייליגע געמיינדע (אזוי באצייכענט מען יעדע אידישע געמיינדע אדער שטאָט). **קראָקע**—קראקוי, די באוואוסטע גרויסע שטאָט אין גאליציע (איצט איז גאליציע אן עסטרייכישע פראווינץ, ביז'ן סוף פון 18טען יאהרהונדערט איז זי געווען א טייל פון פוילישען קיניגרייך). **רדיפות** (רעדיפעס)—פארפאלגונגען, אונטערדריקונגען, צרות. **שונאים** (סאָנים) — פיינט. **שונאי ישראל** (סאַנעי איסראָעל) — די אידישע שונאים, די וואס זוכען די אידען בעז צו טאָן; **שונא** (סוינע)—א פיינט. **דעם אָטעם אָפּכאַפּען**—א ביסעל זיך אפּרוהען, א ביסעל קומען צו זיך. **אַלט־פּוילען**—פוילען, ווען ס'איז נאָך געווען אן אייגען קיניגרייך. **צורר היהודים** (צוירער האיהודים)—א ביטערער פיינט פון די אידען, א פארברענטער אנטיסעמיט. **רשע מרושע** (מערושע)—אן איינגעגעסענער רשע, זעהר א שלעכטער מענש. **מחשבות** (מאַכשאַוועס)—די מעהרצאהל פון **מחשבה**.

און דער דאָזיגער רשע איז געווען אַ מיניסטער ביים קיניג פון פוילען. איז ער אַוועק צום קיניג און האָט אַזוי געזאָגט:

„אדוני קיניג! זיי וויסען, אַז דיינע אידען האָבען מיך באַ־גזל׳ט!"

איז דער קיניג נשתומם געוואָרען און ער האָט אויסגעשריען:

„מיינע אידען האָבען דיך באַ׳גזל׳ט?! ווי אַזוי האָבען זיי זיך דערוועגט צו טאָן אַזאַ זאַך צו מיינעם אַ מיניסטער? אָ, די פאַר־פלוכטע! דאָס וועט זיי ניט געשוויגען ווערן! דערצעהל מיר, ווען איז דאָס געווען און ווי אַזוי!"

האָט דער רשע זיך אַ בוק געטאָן פאַר׳ן קיניג און געזאָגט:

„אדוני קיניג! די געשיכטע איז שוין אַן אַלטע!"

איז דער קיניג מלא חמה געוואָרען און האָט אויסגעשריען:

„אַן אַלטע געשיכטע, און דו האָסט געשוויגען בּיז אַהער? ווי האָט דיך דערלאָזט דיין האַרץ פון דיין האַר אַזעלכע זאַכען צו פאַר־באָרגען? ווי באַלד אַזוי, קענסטו שוין ביי מיר מעהר קיין מיניס־טער ניט זיין, און איך וועל דיך נאָך שווער באַשטראָפען אויך!"

איז דער מיניסטער פול מיט חניפה געפאַלען דעם קיניג צו די פיס און האָט געזאָגט:

„אַדוני קיניג, זאָל נאָר ניט גרימען דיין צאָרן און לאָז דיין קנעכט רעדען, וועט דיר אַלץ קלאָר ווערן".

האָט דער קיניג געזאָגט:

„רעד!"

האָט דער מיניסטער געעפענט זיין מויל און געזאָגט:

„דו ווייסט דאָך וואויל, אדוני קיניג, אַז אַמאָל איז געווען אַ מלך אין פרס און מדי און זיין נאָמען איז געווען אַחשורוש. האָט

---

באַ׳גזל׳ט (באַגאַזלט)—באַרויבט. דערוועגען—אָננעמען זיך מיט מוט, אונטערשטע־לען זיך, ניט מורא האָבען. אדוני (אַדאָיני)—מיין האַר; אדוני קיניג—דער שטיי־גער צו אַדרעסירען אַ קיניג. חניפה (כאַניפע)—גלאַטינקע, זיסינקע רעדעלאַך, **flattery**. גרימען—ברענען. פרס (פאַראַס)—פּערסיע. מדי (מאַדאַי)—אַ פּראָווינץ, אַ לאַנד לעבען אַלט־פּערסיע. אחשורוש (אַכאַשווערעש).

דער דאָזיגער מלך פאַרקויפט די אידען צו זיין ערשטען מיניסטער, צו המן׳ען פאַר צעהן טויזענד שטיקער זילבער, ער זאָל מיט זיי טאָן וואָס זיין הארץ וועט גלוסטען. דו ווייסט דאָך אָבער, אַז די אידען זיינען אַ פאָלק פון רמאים און גנבים, האָבען זיי דורך אַלערליי דרעדלאַך און שפּיצלאַך זיך אויסגעדרעהט פון טויט, און המן האָט דערוויל ניט באַצאָהלט די צעהן טויזענד שטיקער זילבער. על כן, אדוני קיניג, היים די אידען זיי זאָלען באַצאָהלען דעם חוב, וואָס המן האָט איבער זייער כיטרעקייט ניט איינגעצאָהלט דעם קיניג אחשורוש׳ען איך האָב אויסגעפונען, אַז איך בין פון אחשורוש׳עס קינדער.״

און דער קיניג פון פּוילען איז געווען אַזאַ טיפּש, ווי אַמאָל אַחשורוש, און ער האָט געגלויבט אַלץ, וואָס דער מיניסטער, דער רשע האָט איהם געזאָגט. האָט ער גלייך אַרויסגעגעבען אַ באַפעל צו די אידען פון קראָקע, אַז זיי זאָלען איינצאָהלען דעם מיניסטער דעם חוב, וואָס המן הרשע איז געבליבען שולדיג אַחשורוש׳ען, און אויך די פּראָצענט, וואָס עס איז אָנגעוואַקסען אויף׳ן קרן פאַר אַזאַ לאַנגע צייט, — אויב ניט, וועלען זיי מיט זייערע לעבענס באַצאָהלען.

ווי דער באַפעהל איז אַרויס, אַזוי האָט אַ חושך זיך אָנגעטאָן אויף דער אידישער גאַס. אַ יללה, אַ געוויין איז געווען אין אַלע אידישע הייזער. וואו זאָלען די אידען אַזוי פיעל געלט נעמען? האָבען זיי געפאַסט און געווײנט און צו גאָט געררופען, ער זאָל זיי ראַטעווען פון דער שרעקליכער גזרה, אַזוי ווי ער האָט תמיד געהאָלפען זיין פאָלק אין אַן עת־צרה.

---

**המן** (האמאן) (די גאנצע מעשה איז באשריבען אין מגלת אסתר (מעגילאס עסטער)— **The Book of Esther**—אין די הייליגע שריפטען). **גלוסטען**—ווע‍לען. **רמאים** (ראמאאים)—שווינדלער; **רמאי** (ראמאי)—א שווינדלער. **גנבים** (גאנאווים), **על־כן** (אלקעין)—דעריבער. **חוב** (כעיוו)—געלט, וואס מען איז אימיצען שולדיג. **טיפש** (טיפעש)—א גרויסער נאר. **פּראָצענט**—די געצאהלט פאר נוצען פרעמד געלט (ווערט געצאהלט אזוי פיעל און אזוי פיעל פון הונדערט). **קרן** (קערן)—די אנטליהענע אדער גענוצטע סומע, וואס מען צאהלט פאר איהר פּראצענט. **חושך** (כעישעך)—פינסטערניש, טרויער. **יללה** (יעילאלע)—קלאג, גרוים געוויין. **תמיד** (טאמיד)—שטענדיג, איז אלע צייטען. **עת-צרה** (עים צארע)—די צייט פון א צרה און אומגליק, א שרעקליכע נויט.

אין קראָקע איז דענסטמאָל געווען אַ גרויסער רב, רבינו משה בן ישראל איסרליש אָדער דער רמ"א, ווי ער איז באַוואוסט עד היום ביי אַלע אידען נאָך די ראשי־תיבות פון זיין נאָמען. איז די אידישע קהלה געקומען צו איהם מיט קולות און געוויין:

„רבי! ראַטעוועט אונז! וואָס וועט זיין דער סוף? מיר פאַסטען שוין אַזוי לאַנג און מיר בעטען גאָט, און קיין ישועה זעהט זיך נאָך אַלץ ניט!"

האָט דער רמ"א געזאָגט צו זיי:

„רבותי! איך אַליין קען פון אייערטוועגען גאָרנישט ניט טאָן. מיין האַנט איז צו קורץ צו העלפען אייך. אָבער צווישען אייך געפינט זיך חיים דער שניידער, וואָס וואוינט הינטער'ן שטאָט, ער קען אייך העלפען. אין זיין האַנט ליגט די ישועה".

האָבען זיך די אידען געוואונדערט: סטייטש, חיים דער שניידער וועט זיי העלפען! אַ פּראָסטער איד, אַ שניידער, וואָס ער קען קוים דאַוונען! נאָר אַז דער רב זאָגט מסתמא וויים ער דאָך. און אפשר איז דער חיים גאָר פון די ל"ו צדיקים?

און חיים איז טאַקע געווען אַ למד־וואָוניק און ווען די אידען זיינען געקומען צו איהם בעטען, ער זאָל געהן פאַר זיי צום קיניג, האָט חיים זיך געוואָלט אַרויסמאַכען, ווי דער שטייגער איז פון די באַהאַלטענע צדיקים, האָט ער געלייקענט, אַז ער איז בכח עפּעס צו טאָן. ווער איז ער און וואָס איז ער? אַ פּראָסטער איד, אַ שניידער! אַזוי האָט ער גע'טענה'עט. אָבער אַז די אידען האָבען איהם ניט אָפּגעלאָזט, האָט ער זיך אונטערגעגעבען און געזאָגט, אַז ער וועט געהן צום קיניג.

---

רבינו (ראַבעינו)—אונזער לעהרער (אַזוי באַטיטעלט מען ביי אידען יעדען גרויסען לעהרער פון משה רבינו אָן ביז'ן לעצטען גרויסען רב). עד היום (אַד האַיעים)—ביז היינטיגען טאָג. ראשי־תיבות (ראַשעי־טעיוועס)—די אָנהויבען (די ערשטע בוכשטאַבען) פון די ווערטער, **initials**. ישועה (יעשוע)—הילף, רעטונג, באַפרייאונג פון אַ צרה. רבותי (ראַבעיסאַי)—מיינע לעהרער, מיינע הארען (די פאָרמע פון אדרעסירען אַ פּובליקום ביי אידען). מסתמא (מיסטאָמע)—דאַרף מען אַננעמען, דאַרף מען גלויבען. בכח (בעקעיאַך)—אימשטאַנד.

אויף מאָרגען געהט חיים דער שניידער אַוועק צום פּאַלאַץ, און כדי דעם קיניג׳ס לייב־וועכטער זאָלען איהם ניט באַמערקען, האָט ער דורך שמות און צירופים זיך געמאַכט פאַר אַ רואה ואינו נראה. אַזוי איז ער דורכגעגאַנגען אין פּאַלאַץ, ביז ער איז אַריין צום קיניג אין חדר אַריין און איהם דערלאַנגט אַ פּאַפּיר, ער זאָל אונטער־שרייבען, אַז ער מאַכט בטל די גזרה אויף די אידען.

אַז דער קיניג האָט דערזעהן שטעהענדיג פאַר זיך דעם אידען אָנגעטאָן קרוע בלוע, איז ער געוואָרען מלא חמה און געוואָלט רופען



די לייב־וועכטער און אָנשרייען אויף זיי, פאַרוואָס זיי האָבען צו איהם אַריינגעלאָזט אַזאַ אָפּגעריסענעם אידען. אָבער ווי נאָר ער

**שמות** (שעימעס)—הייליגע נעמען (פון גאָט און די מלאכים). **צירופים**—צוזאַמענרעכ־נונגען און קאָמבינאַציעס פון די הייליגע נעמען. **רואה ואינו נראה** (רעיע וועינע נירע)—אַ זעהענדיגער אָבער ניט קיין געזעהענער; אַזאַ איינער, וואָס ווייס דעם קונץ, אז אַנדערע זאָלען איהם ניט זעהן בשעת ער זעהט זיי. **חדר** (כעידער)—צימער, **room**; מעהרצאָהל—**חדרים** (כאַדאָרים). **קרוע בלוע** (קרוע בלוע)—אָפּגעריסען, אָפּגע־שליסען. **לייב־** (לאַיב) **וועכטער**—די קיניגליכע וואַך.

עפענט די טיר, זעהט ער, אז ער געפינט זיך גאָר אין אַ מורא'דיג גרויסען מדבר. וויל ער גערן צוריק אין זיין חדר, ערשט עס איז ווידער מדבר.

וואַנדערט אַרום דער קיניג אין דער מדבר אַ גאַנצענעם טאָג, און דאָ איז ער הונגעריג און דאָרשטיג, און עס זעהט זיך גאָרניט קיין סוף פון דעם מדבר. קוים אין אָווענט באַגעגענט ער אַן אָרימאַן. גיט איהם דער אָרימאַן אַ שטיקעל טרוקען ברויט און ווייזט איהם אַן אויף אַ הייהל, וואו ער קען זיך באַשיצען אויף איבער נאַכט. אָבער דער אָרימאַן האָט איהם אָנגעזאָגט, ער זאָל קיינעם ניט דערצעהלען, אַז ער איז אַ קיניג, כדי מען זאָל איהם ניט באַרויבען אָדער חלילה גאָר דער'הרג'ענען. האָט דער קיניג אויסגעטאָן זיינע בגדי מלכות און אָנגעטאָן אויף זיך שמאַטעס, וואָס דער אָרימאַן האָט איהם געגעבען, און ער האָט זיך גענעהרט יעדען טאָג מיט אַ שטיקעל טרוקען ברויט, וואָס דער גוטער אָרימאַן האָט איהם דערלאַנגט.

אַזוי איז דער קיניג אָפּגעקומען אַ יאָהר צייט. נאָכ'ן יאָהר רופט זיך אָפּ דער אָרימאַן צו איהם:

„ווילסטו לעבען אַ ביסעל בעסער, ווי דו האָסט געלעבט ביז אַהער? ווער ביי מיר אַ האָלצהעקער און איך וועל דיר געבען בע־סער עסען. אָבער דו מוזט מיר אַפריהער אונטערשרייבען אַ פּאַפּיר, וואָס איך וועל דיר געבען".

איז דער קיניג געווען צופרידען מיט'ן אָרימאַנ'ס אָנבאָט, און ער האָט אַפילו ניט אַ קוק געטאָן און האָט אונטערגעשריבען דאָס פּאַפּיר, וואָס דער אָרימאַן האָט איהם דערלאַנגט. נאָכדעם איז ער געוואָרען אַ האָלצהעקער און האָט אַזוי אָפּגעלעבט נאָך צוויי יאָהר. נאָך די צוויי יאָהר איז ער געוואָרען אַ מאַטראָז, און זיין שיף איז צעבראָכען געוואָרען אין מיטען ים. און ער האָט זיך קוים

---

**מדבר** (מידבאר)—א וויסטעניש, א וויסט ארט, **desert**. **חלילה** (כאלילע)—גאָט באהיט. **בגדי מלכות** (ביגדעי מאלכוס)—קיניגליכע קליידער. **גענעהרט**—געשפּייזט. **אָפּקומען**—מאטערן זיך, אויסשטעהן צרות.

גערּאַטעוועט אויף אַ ברעט און נאָך אַ לאַנגער נסיעה, פול מיט צרות און נויט, איז ער אָנגעקומען צעריק קיין קראָקע.

האָט זיך דער קיניג אויפגעכאַפּט, ערשט עס איז אַ חלום. גלויבט ער ניט און רייבט זיך די אויגען, זעהט ער, ער איז אין זיין פּאַלאַץ און פאַר איהם שטעהט נאָך אַלץ דער אייגענער אָפּגעריסענער איד מיט אַ פּאַפּיר אין האַנט. נעמט ער ביי איהם אַרויס דאָס פּאַפּיר, זעהט ער, אַז עס איז דאָס אייגענע פּאַפּיר, וואָס ער האָט אונטער־געשריבען אין חלום און וואָס דער אָרימער שניידער האָט איהם פרי־הער דערלאַנגט און ער האָט ניט געוואָלט חתמ'ענען. ניין, טראַכט דער קיניג, עס קען ניט זיין, אַז עס איז געווען אַ חלום ! דריי יאָהר האָט דאָך דאָס געדויערט. גיט ער אָבער אַ קוק אויפ'ן זייגער, ערשט מעהר ווי אַ פערטעל שטונדע האָט ניט געוועהרט די גאַנצע געשיכ־טע.

האָט דער קיניג געזאָגט צום למד־וואָו'ניק :

„איך זעה, אַז דו ביסט אַ הייליגער מאַן, געשיקט צו מיר פון גאָט, צו פאַרהיטען מיך פון צו טאָן אומרעכט צו די אומשולדיגע מענ־שען. געה מיט מיין חתימה צו די אידען און זאָג זיי אָן די בשורה טובה, אַז עס וועט זיי שוין מעהר קיין בעז ניט געשעהן".

און פונקט ווי אַמאָל ביים נס־פורים, אַזוי איז אויך איצט ביי די אידען פון קראָקע געוואָרען ליהודים, ששון ושמחה. און דער שלעכטער מיניסטער, וואָס האָט געוואָלט ברענגען אומגליק אויף די אידען, האָט מורא געהאַט, דער קיניג זאָל איהם ניט באַ־שטראָפען, איז ער אַנטלאָפען קיין איטאַליע. אָבער ער האָט דאָרט קיין רוה ניט געפונען. דאָס הארץ האָט איהם געריסען, פאַרוואָס ער האָט געוואָלט שלעכטעס טאָן די אומשולדיגע מענשען, און ער האָט אַלץ געטראַכט, מיט וואָס ער זאָל אויסקויפען זיין זינד.

איז אין איהם אַריין אַ גייסט, ער זאָל ווערן אַ איד, און גלייך איז ער אַוועקגעפאָהרען אין דער פרייער שטאָט אַמשטערדאַם, וואָס

---

נסיעה (נעסיע)—רייזע ; מעהרצאהל—נסיעות (נעסיעס). דער אייגענער—דער זעלביגער. חתמ'ענען (כאַסמענען)—אונטערשרייבען, sign. חתימה (כעסימע)—אונטערשריפט, signature. טובה (טעיווע)—א גוטע. נס (נעס)—א וואונדער, a miracle. ליהודים (לאיהודים)—א לעבעדיגע וועלט, א גרויסע שמחה.

די אידען זיינען דאָרט דענסטמאָל געווען זעהר חשוב. און ער האָט זיך דאָרט מגייר געווען. ווען ער איז אַלט געוואָרען, איז ער אַוועק צעריק אין קראָקע מתפלל זיין אויף די קברים פון די צוויי צדיקים, דער רמ"א און חיים דער שניידער דער למד־וואָו'ניק. און טיף ביז'ן טויט האָט ער אַלץ תשובה געטאָן אויף זיינע אַמאָליגע זינד, וואָס ער האָט געוואָלט טאָן שלעכטס צו אידען.

---

**חשוב** (כאשעוו)—אנגעזעהן, געאכטעט, רעספעקטירט. **זיך מגייר** (מעגאיער) **זיין**—ווערן א איד. **מתפלל** (מיספאלעל) **זיין**—תפלה טאן, גאט בעטען. **קברים** (קעווארים) גריבער פון טויטע, באגרעבעניש־ערטער; איינצאהל—**קבר** (קעיווער). **תשובה** (טע־שואווע)—דאס פארקערען זיך פון שלעכטען וועג צעריק אויפ'ן גוטען וועג. אן אפקומעניש פאר זינד; **תשובה טאָן**—גאט בעטען און זיך אליין באשטראפען פאר אמאליגע זינד; אן ענטפער.

---

די מעשה איז אַרויסגענומען פון פראָפ. לעאָ ווינער'ס בוך "**The History of Yiddish Literature in the Nineteenth Century**, **New York**, 1899) און ווערט דאָ באַארבייט פון ל ע אָ ן ע ל ב ע. דאָס איז איינע פון די פיעל מעשות, וואָס ווערען דערצעהלט ביי אידען וועגען די וואונדערליכע ל"ו (36 צדיקים, וואָס אויף זייערע מעשים טובים שטעהט די וועלט. די ל"ו צדיקים לע־בען פאַרשטעלט. פאַר דער וועלט זיינען זיי וואַסער־טרעגער, שניידער און אַנדערע בעלי מלכות, און קענען כלומר'שט אַפילו קיין עברי ניט, אָבער באַהאַלטענערהייט לערנען זיי תורה און טוען מעשים טובים. אין אַן עת צרה ווערען זיי אַמאָל נתגלה, דאָס הייסט, זיי לאָזען זיך דערקענען און זיי באַווייזען אַ מופת, דורך וועל־כען זיי ראַטעווען די אידען.

דער רמ"א (רבי משה בן ישראל איסערליש) האָט געלעבט פון יאָהר 1520 ביז'ן יאָהר 1572.



# עס דרימעלט ניט און עס שלאפט ניט דער היטער פון ישראל

---

און די מעשה איז זיך פארלאפען אום שבת הגדול, אין יאהר תק"י, אין דער גרויסער אלטער שטאט פראג, אין דער מדינה בעה־מען. אין יענער צייט איז ביי דער אידישער קהלה אין פראג געווען רב דער גרויסער גאון רבי יונתן אייבשיץ. דאס איז דער זעלביגער גאון, וואס די גאנצע וועלט ווייסט איהם מיט'ן נאמען רבי יונתן פרעגער.

רבי יונתן איז געווען א הייליגער מאן און טאג ווי נאכט פלעגט ער זיצען און לערנען תורה. א גאנצע וואך איז ער ניט געשלא־פען ווי אלע מענשען, נאר ער פלעגט זיך אויף א ווייל צושפארען אין די מלבושים. מיט'ן קולאק צוקאפענס פאר א קישען. אבער שבת און יום טוב פלעגט ער זיך שוין אויסטאן און שלאפען אויף זיין געלעגער צוליב עונג שבת ויום טוב.

---

**ישראל** (איסראעל)—די אידען. **שבת הגדול** (שאבעס האגאדל)—דער גרויסער שבת (אזוי רופט מען דעם שבת, וואס פאר פסח). **תק"י**—510 יאהר אין זעקסטען יאהרטויזענד פון דער וועלט נאך דער אידישער רעכענונג; נאך דער קריסטליכער רעכענונג—אין יאהר 1750. **מדינה** (מעדינע)—א פראווינץ, א לאנד. **גאון** (גאאן)—א גרויסער רב, א גרויסער געלערנטער, א מענש מיט גאר גרויסע פעהיגקייטען. **פרעגער**—פון דער שטאט פראג. **צושפארען זיך**—צולעגען זיך. **מלבושים** (מאלבושים)—קליידער. **עונג** (עינעג)—פארגעניגען; **עונג שבת ויום טוב**—דאס פארגעניגען צוליב שבת און יום טוב (אין דער תורה איז פאראן אזא אנזאג, אז שבת און יום טוב זאל מען זיך עקסטרא פארגעניגען אנטאן).

אין דער דאָזיגער נאַכט פון שבת הגדול האָט דער אַלטער גאון מיט זיין הויזגעזינד אָפּגעגעסען די שבת'דיגע וועטשערע, און רבי יונתן'ס בני בית זיינען אַוועק שלאָפען, און ער האָט זיך פאַר די שבת'דיגע בענטש־ליכט אַוועקגעזעצט לערנען. אַז דער אַלטער פּראָ־גער שטאָט־זייגער האָט געשלאָגען צוועלף, האָט דער גאון אַ קוש געטאָן די גמרא, זי צוגעמאַכט, געוואַשען די הענט און אָפּגע־לייענט קריאת שמע און זיך געלעגט שלאָפען.

ווי נאָר ר' יונתן איז אַנדרימעלט געוואָרען, האָט זיך איהם גע'חלום'ט אַ מורא'דיגער חלום. לעבען זיין בעט האָט זיך פּלוצים באַוויזען די געשטאַלט פון זיין טויטען פאָטער, אָנגעטאָן אין טלית און קיטעל און אין די תכריכים און ער ריהרט איהם אָן עדעל אָבער פעסט מיט זיין טויטען פינגער און רופט זיך צו איהם אָפּ:

„שטעה אויף, מיין זוהן, און לויף שנעל אין דער אַלט־נייער שוהל! די ספרים ברענען אין ארון, אייל זיך צו, וואָרים עס איז ניטאָ קיין צייט".

אַז דער גאון האָט זיך אַ דערשראָקענער אויפגעכאַפּט פון שלאָף, האָט ער דערזעהן, אַז אַרום זיין בעט איז קיינער ניטאָ. ער האָט פאַרשאַרפט זיין אויער עפּעס צו הערען, אָבער אַרום און אַרום איז געווען אַ טויטע שטילקייט און זיין אויער האָט קיין זאַך ניט פאַרנו־מען. רופט זיך דער גאון אָפּ צו זיך אַליין: „אַ חלום ווי אַלע חלומות, אַ רעש מאַכט ער אַ גרויסען, אָבער עס איז ניטאָ וואָס אָנצונעמען". האָט ער אויסגעשפּייט דריי מאָל און זיך צוריקגעלעגט שלאָפען.

---

**בני בית** (בענעי באַיאיס)—די פאַמיליע, די שטוב־מענשען. **גמרא** (געמאַרע)—דער לעצטער טייל פון דער נייערער אידישער תורה, וואָס מען רופט: „דער תלמוד" (די אַלטע אידישע תורה איז די ביבעל), אַ באַנד פון דער גמרא. **קריאת שמע** (קרישמע)—דאָס געבעט פאַר'ן שלאָף. **טלית** (טאַלעס). **קיטעל**—אַ גרויס, לייוועגטען העמד, וואָס אידען טוען אָן יום כפור אין שוהל; אין אַ קיטעל באַגראָבט מען אויך אַ בר־מינן. **ספרים** (סעפאָרים)—די תורות אין שוהל; **ספר** (סעיפער)—אַ תורה. (געוועהנליך זאָגט מען ספר תורה). **scroll of the law** **ארון** (אָרן)—דער אַלמער אין שוהל, וואו די ספר תורות שטעהען. **רעש** (ראַאש)—טומעל.

אָבער איידער נאָך רבי יונתן האָט רעכט איינגעדרימעלט צום צווייטען מאָל, דערהערט ער אַ קול רופט צו איהם: „רבי, גיכער אין שול אַריין! די צייט שטעהט ניט!"

אַז דער גאון האָט זיך איבער־אַ־נייעס אויפגעכאַפּט, איז ווידער אין חדר קיינער ניט געווען, מעהר ניט די שבת'דיגע בענטש־ליכט האָבען נאָך געצאַנקט אין זייערע לייכטער, און די שטילקייט פון האַלבע נאַכט איז געלעגען אַרום און אַרום. דאָס מאָל איז שוין אָבער די זאַך דעם גאון אַריין אין נאָז, און ער האָט שוין אָנגעהויבען קלע־רען ביי זיך צי זאָל ער געהן אין שוהל אָדער ניט. ער איז אָבער געווען מיד און פאַרשלאָפען, איז ער אַזוי קלערענדיג ווידער אַנדרימעלט געוואָרען.

אין אַ רגע אַרום, דער שלאָף האָט קוים זיינע אויגען פאַרקלעפּט, ערשט דער אייגענער קול רופט צו איהם מיט גרויס אומרוהיגקייט און שרעק: „אב בית דין פון דער קהלה קדושה פון פראַג, לויף שנעל אין דער אַלט־נייער שוהל, די סכנה איז גרוים!"

דאָ איז שוין דער גאון אַ דערשראָקענער אַראָפּגעשפּרונגען פון זיין געלעגער, אויף שנעל אָפּגעגאָסען נעגעל־וואַסער, אָנגעטאָן זיינע קליידער און איז שטילערהייד אַריין אין חדר, וואו עס איז געשלאָפען זיין אַלטער שמש ר' פייוועל, און איהם אויפגעוועקט בזה הלשון:

„אויף גיך, ר' פייוועל, שטעהט אויף, גיסט אָפּ נעגעל־וואַסער און קומט מיט מיר אין דער אַלט־נייער שוהל. מן השמים האָט מען מיר אָנגעוואונקען, אַז עס שוועבט אַ סכנה איבער אונזער קהלה קדושה".

---

קול (קאָל)—אַ שטימע, voice. **צאַנקען**—שוואַך ברענען, צאַפּלען און ציטערן ווי פאַר'ן אויסגעהן. **אב בית דין** (אַוו בעזדן)—דער עלטערער (דער קאָפּ) פון געריכט (אַ טיטעל פאַר'ן העכסטען רב פון אַ קהלה). **סכנה** (סאַקאַנע)—געפאַהר, danger. **אָפּגיסען נע־געל־וואַסער**—איינוואַשען זיך אין פריהמאָרגען און איבערהויפּט נאָך'ן שלאָף (עס הייסט אַז דאָס דאָזיגע איינוואַשען זיך איז כדי אָוועקצוטרייבען די אומריינקייט, וואָס קלעפּט מעהר פון אַלץ אַן די נעגעל). **ר'**—רבי. **שמש** (שאַמעש)—אַ דינער (אין שוהל אָדער ביים רב). **מן השמים** (מין האַשאָמאַאים)—פון הימעל.

דער אַלטער ר׳ פייוועל, וואָס האָט שוין פון פיל יאָהרען די־נען ביים גאון געוואוסט, אַז ער זאָגט עפּעס אַ זאַך איז עס, חלילה, ניט אומזיסט. האָט זיך אויך זעהר דערשראָקען, און אָט איז ער שוין געוועזן גרייט און די צוויי אַלטע לייט זיינען אַרויס אין דרויסען.

אויפ׳ן גאַס איז שטיל. די גאַנצע וועלט שלאָפט. מעהר ניט די גרויסע און פולע לבנה שוועבט אין הימעל און באַלייכט די וועלט



און מיליאַסען שטערנדלאַך פינקלען שטיל און פרום, און עס דאַכט אַז מען הערט די שירה פון די מלאכים אין הימעל.

און רבי יונתן האָט פאַרזאָרגט און אומעטיג געזאָגט צו זיך אַליין: „אין הימעל אַזוי שטיל און רוהיג און אויף דער ערד אַזוי צאָרנדיג און אומרוהיג.״

דער אַלטער שמש האָט געשוויגען. אָבער ער האָט פאַרשטאַנען. וואָס דער גאון האָט אין זינען. עס איז געווען אַ שלעכטע צייט פאַר

---

**לבנה** (לעוואָנע)—**moon**. **מיליאַסען**—מיליאַרדען. **שירה** (שירע)—(דאָס הייליגע) געזאַנג.

אידען, און די קריסטליכע גלחים און אַנדערע שלעכטע מענשען האָבען נאָר געטאָן און געטראַכט, ווי אַזוי די אידען אין געפענקעניש אַריינצוּוואַרפען, זיי אַרויסטרייבען אָדער גאָר אוים'הרג'ענען, און יעדען יאָהר פּסח-צייט פלעגט מען די אידען אונטערוואַרפען אַ גע'-הרג'עט קריסטליך קינד און זאָגען, אַז זיי האָבען עס געקוילעט, אום מיט זיין בלוט זייערע פּסח'דיגע מצות צו פאַרקנעטען. און משומדים, עוכרי ישראל, שטעהען אויף און פאַרשפּרייטען די בלבולים און זאָגען עדות קעגען זייער אייגען אַמאָליג פאָלק.

און באַלד זיינען שוין די צוויי אַלטע לייט, מיט די ווייסע בערד, געשטאַנען לעבען דער הויכער, מורא'דיגער פּראָגער שוהל, וואָס מכה איהר האָט מען זיך שוין דעמאָלט, אַזוי ווי היינט-צו-טאָג, אָנ-געדערצעהלט די שרעקליכסטע און די שענסטע מעשיות, און דער גאַנצער עולם האָט געגלויבט, אַז אַלע נאַכט שטעהען די מתים פון דעם אַלטען פּראגער בית-עלמין אויף פון זייערע קברים און קומען אין שוהל דאַווענען מיט קהל, און מאָנטאָג און דאָנערשטאָג, שבת און יום טוב נעמען זיי אַרויס אַ ספר תורה פון אָרון, און זיי לייענען און טיילען זיך עליות. אָבער ווי נאָר דער האָן טוט אַ קרעה אויף-צו-מאָרגענס, אַזוי ווערט באַלד דאָס ליכט אויסגעלאָשען, די מתים ווערן ניט און אין שוהל ווערט צעריק פינסטער און דער ארון קודש ווערט צעריק פאַרמאַכט מיט די ספרים אַזוי ווי פריהער.

---

**גלחים** (גאַלאַכים)—פּריסטער. **פּסח** (פּעיסאַך) **מצות** (מאַצעס). **משומדים** (מעשו-מאָדים)—אידען וואָס האָבען אַ פרעמדען גלויבען אָנגענומען; איינצאָהל—**משומד. עוכר** (עיכעיר) **ישראל**—אַ פאַררעטער פון אידישען פאָלק, איינער וואָס ברענגט שאַנדע אויף זיין אידישען פאָלק; מעהרצאָהל—**עוכרי ישראל. בלבול** (בילבול)—אַן אויסגע-טראַכטע, אַ פאַלשע באַשולדיגונג. **עדות** (עידעס)—צייגניס, **testimony, witness. זאָגען עדות—testify. מתים** (מעיסים)—טויטע; איינצאָהל—**מת** (מעס). **בית עָלמין** (אַלמען)—בית-עולם. **קהל** (קאַהאַל)—עהנליך צו קהלה; אַ סך אידען פאַר-זאַמעלט; דאַווענען מיט קהל—דאַווענען אַלע אינאיינעם (ווי דאָס אידישע געזעץ שרייבט פאָר) **עליות** (אַליעס)—ביים לייענען די תורה ווערט דאָס געלייענטע איינגעטיילט אין געוויסע טיילען און צו יעדען באַזונדערען טייל רופט מען אויף אַן אַנדער אידען און יעדער טייל הייסט אַן עליה (אַליע). **ארון קודש** (קעידעש)—אָרון.

אַ רגע איז דער אַלטער גאון געשטאַנען און געקוקט אויף זיין שוהל. דערנאָך האָט ער באַפוילען:

„לאָ'מיר אַריין אינעווענינ, ר' פייוועל!"

דער אַלטער שמש האָט זיך איינגעבויגען, אַ ווײלע געגראַבעלט מיט די פינגער אונטער'ן גרויסען אַלטען שטיין, וואָס איז געלעגען לעבען שוועל פון שול און ער האָט אַרויסבאַקומען די שליסלען, אויפגעשלאָסען די טיר, דריי מאָל אָנגעקלאַפּט, געלאָזט דעם גאון אַריין פאָראויס און ער נאָך איהם.

אין שוהל איז געווען שטיל און רוהיג. די בימה, דער ארון קודש, דער עמוד, די אַלמערס מיט ספרים, די סטענדערס, די די בענק און די ענגלייכטער — יעדע זאַך איז געווען אויף איהר אָרט, און פון אַלץ האָבען זיך גרויסע שאָטענס צעלעגט איבער די ווענט און דעם גרויסען חלל פון בית מדרש. און עס איז געוועזן פינסטער אַרום און אַרום, מעהר ניט, וואָס די שטראַלען פון דער לבנה זיינען שטיל אַריינגעפאַלען דורך די הויכע פענסטער און זיך געשפּילט מיט די מעשענע ענגלייכטער און מיט די לייבען פון אָרון קודש און מיט די לוחות אויף דער זילבער־בלעך פון עמוד. און אין ווינקעל פון עמוד איז זיך געהאַנגען דער נר תמיד און שטיל געברענט און זיין פלעמעל האָט זיך שטיל געהוידעט אַזוי ווי די בלויע לבנה־שטראַלען וואָלטען עס געפאָכט און געוויגט.

---

**בימה** (בימע)—אַ פּלאַטפאָרמע אין שוהל (הויפּטזאַכליך לייענט מען אויף איהר די תורה). **עמוד** (אָמעד)—אַ געשטעל, (**pulpit**), וואו דער חזן (כאַזן) שטעהט. **סטענדערס**—געשטעלען (**desks**) פאַר די דאַוונער. **חלל** (כאַלאַל)—די פּוסטקייט. **בית מדרש** (מעדרעש—אַ שוהל אויף צו לערנען און דאַוונען). **לייבען**—אויסגעשניצטע לייבען אויפ'ן ארון קודש (דער לייב איז די ליבלינג חיה אין דער אַלטער אידישער שניצעריי און מאַלעריי). **לוחות** (לוכעס)—די צוויי טאַוולען מיט די צעהן געבאָט, **the two tablets**. **זיל־בער־בלעך פון עמוד**—דער עמוד ענדיגט זיך פון אויבען מיט אַ הינטערוואַנטעל אָדער הינטערגרונט, וואָס ווערט באַשלאָגען מיט עפּעס אַ מעטאַל, וואו עס ווערן אויסגעקלאַפּט פאַרשיידענע פּאַסיגע אויפשריפטען, וועלכע ווערן אָפט באַציערט מיט צוויי לייבען. **נר תמיד** (נער טאָמיד)—אַ ליכט, וואָס ברענט אין שוהל סאַי ביי טאָג סאַי ביי נאַכט.

פּלוצים איז דעם גאון'ס אויג געפאַלען אויף'ן פּרוכת פון ארון קודש: ערשט עפּעס דעקט ער ניט צו דעם גאַנצען ארון אַזוי ווי תמיד, נאָר איז אַ ביסעל פאַררוקט אויף אַ זייט. האָט זיך דער גאון דערשראָ־קען שוין ניט אויף קאַטאָוועס, און ער האָט מיט קראַפט אויפגעעפענט דאָס טירעל פון ארון קודש. אָבער אויך אין ארון קודש איז אַלץ געווען שטיל און רוהיג און די ספר תורה'ס זיינען געשטאַנען יעדע אויף איהר אָרט, די אַלטע באַזונדער, די נייע באַזונדער. אין איין ווינ־קעל זיינען זיך געשטאַנען די קליינע תורה'לאַך, אין אַ צווייטען ווינ־קעל די תורות, וואָס יחידים האָבען אַריינגעגעבען אין שוהל, און גאָר אָן אַ זייט זיינען געשטאַנען די רייניגקייטען, וואָס זיינען שוין פּסול געוואָרען פון לאַנגע יאָהרען ניצען. אַלץ ווי דער סדר איז.

רבי יונתן האָט זיך פאַרטראַכט. אין פלוג איז אַלץ ווי עס דאַרף צו זיין. די ספר תורות ברענען חלילה וחס ניט. נאָר עפּעס מוז דאָך פונדעסטוועגען דאָ פאָרט זיין. עס קען דאָך ניט זיין, אַז מען זאָל איהם דריי מאָל אומזיסט האָבען געוועקט פון שלאָף. עפּעס איז רבי יונתן'ען איינגעפאַלען:

„גיט נאָר, ר' פייוועל, אויף טשיקאַוועס, אַן עפען דאָס אונ־טערשטע עלמערל!", האָט דער גאון געזאָגט.

ר' פייוועל האָט אַזוי געטאָן, און ווי ער האָט צעעפענט די טיר־לעך פון אונטערשטען עלמערעל, וואו עס איז געווען דער ווײַן אויף

---

פּרוכת (פּאַרעיכעס)—דער פאַרהאַנג אָדער צודעק איבער'ן ארון קודש. קאַטאָוועס—שפּאַס, געלעכטער (קאָמעדיע). יחידים—איינציגע מענשען, איינציגע מיטגלידער פון שוהל, ניט די גאַנצע קהלה; יחיד (יאַכיד)—אַן איינציגער. רייניגקייטען—ספר תורות. פּסול (פּאַסל)—ניט כשר (קאָשער), ניט גוט. סדר (סעידער)—אָרדנונג; ווי דער סדר איז—ווי שטענדיג, ווי עס באַדאַרף צו זיין. אין פלוג—אויף'ן קוק, ווי עס קוקט אויס (ווי עס לעגט זיך צוערשט אויפ'ן שכל). חלילה וחס (וועכאַס)—גאָט זאָל היטען און באַשיצען. אויף טשיקאַוועס—פון נייגעריגקייט וועגען, for curiosity sake.

קידוש, דער גאָלדענער שוהל-בעכער, די געפלאָכטענע הבדלה און דער הדס'ל, איז דאָס עלמערעל פול געוואָרען מיט לבנה-ליכט און איהרע שטראַלען האָבען זיך העל און שטאַרק אָפּגעשלאָגען פון וויין-פלעשעל.

עפּעס האָבען די שטראַלען אָפּגעשלאָגען פון וויין-פלעשעל צו שטאַרק און דער וויין האָט פאַר זייער שיין אויסגעקוקט אי רויטער אי שוואַרצער ווי תמיד.

„דער וויין געפעלט מיר ניט." האָט זיך דער גאון אָפּגערופען אַ דערשראָקענער, „אויף גיך דאָס פלעשעל אַהער, ר' פייוועל."

באַקומענדיג דאָס פלעשעל, איז ער מיט דעם שנעל צוגעלאָפען צום נר תמיד און פאַר זיין שיין האָט ער געעפענט דעם קאָרק פון פלאַש און שאַרף אַריינגעקוקט אינעווייניג.

דעם גאון'ס אַלט, קלוג פנים איז געוואָרען נאָך אַנגעצויגענער און דערשראָקענער. ער האָט צוגעלעגט דאָס העלזעל צום נאָז און געגעבען אַ שטאַרקען שמעק.

קיין ריח פון וויין!

דאַן האָט נאָך דער גאון אַ קער געטאָן דאָס פלעשעל, אַראָפּ-געטריפט אַ טראָפּען אויף'ן פינגער, אַ לעק געטאָן עס מיט דער שפּיץ צונג און מיט אַ קול ווי פון קבר האָט ער אויסגערופען:

„בלוט, ר' פייוועל! אָבי מורי עליו השלום, האָט מיך ניט גע-נאַרט. עס ברענט אין אָרון קודש, ר' פייוועל, עס פלאַקערט די סכנה אויף אונזער קהלה קדושה, לאָמיר זי שנעל אויסלעשען. דאָס האָבען אונז די שונאי ישראל שוין ווידער אונטערגעוואָרפען קריסט-

---

קידוש (קידעש)—די צערעמאָניע, וואָס מען מאַכט פרייטאָג-צו-נאַכט אויף אַריינצובּרענגען דעם שבת. הבדלה (האַוודאָלע)—די צערעמאָניע (דער געגענזאַץ פון קידוש), וואָס מען מאַכט אין דער נאַכט נאָך שבת אויף צוריק אַריינצובּרענגען דעם אַנדערוואָכען; אַ ספּעציעלע ליכט, וואָס מען געבּרויכט דערבּיי, אויסגעפלאָכטען פון עטליכע דינע, לאַנגע וואָקסענע ליכטלאַך. הדס'ל (האַדעסל)—אַ שאַכטעלע מיט געווירצען (בשמים—בעסאָמים), וועלכע מען שמעקט ביים הבדלה מאַכען. ריח (רעיאַך)—scent, smell. אבי מורי (אָווי מעירי)—מיין פאָטער, מיין לעהרער (אַן אויסדרוק געבּרויכט אויף אַ טויטען). עליו השלום (אָלעוו האַשאָלעם)—פרידען אויף איהם, פרידען צו זיין נשמה (ווערט געזאָגט אויף אַ טויטען).

ליך בלוט, כדי צו קענען מאַכען זייער בלבול אויף אונז און ברענגען אויף אונז נייע צרות, רחמנא לצלן. און איצט שנעל צום טייך!"

דער אַלטער שמש, וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען ווייס ווי קאַלך, האָט זיך פלינק אַ ריהר געטאָן, און באַלד זיינען זיי שוין געווען ביים וואַסער, וואָס איז געלאָפען מיט עטליכע גאַסען הינטער דער שוהל.

רבי יונתן האָט דאָס פלעשעל אויסגעלעדיגט אין טייך, און דאָס בלוט, וואָס האָט געזאָלט זיין אַ מורא'דיגער צייכען אין די הענט פון די שונאי ישראל, איז באַלד אַוועקגעטראָגען געוואָרען פון דעם ברודיגען שטראָם פון ערב פסח'דיגען חמץ, אַז עס איז פון דעם קיין שפור ניט געבליבען.

„איצט אויף גיך צו מיר," ר' פייוועל, נעמט זיך אָן מיט כח און קומט וואָס שנעלער!"

דער אַלטער גאון איז געלאָפען און דער אַלטער גרייז-גרויער שמש איז אָהן אָן אָטעם געלאָפען נאָך איהם, ביז זיי זיינען שטיל אַריין צעריק צום רב אין הויז. און די בני בית האָבען ניט געוואוסט פון זייער אַוועקגעהן און ניט געוואוסט פון זייער קומען און זיינען זיך רוהיג געשלאָפען. און ר' פייוועל האָט אויף'ן גאון'ס באַפעל אויף גיך גוט אויסגעוואַשען און אויסגעשווענקט דאָס פלעשעל און אַז עס איז געווען גוט ריין און טרוקען האָט עס ר' יונתן פול אָנגע-גאָסען פון זיין קידוש-וויין, אוןביידע אַלטע לייט זיינען געאיילט צעריק אַוועק אין שוהל, אַריינגעשטעלט דאָס פלעשעל צעריק אין על-מערעל אויף'ן פריהערדיגען אָרט, אַלץ ווי געהעריג איז, פאַרמאַכט און פאַרשלאָסען און פאַוואָליע זיך געלאָזט געהן אַהיים.

עס איז נאָך ניט געווען זעהר שפעט, אין זייער אַיילעניש און שרעק האָבען די צוויי אַלטע לייט גאָר ניט באַמערקט ווי פלינק זיי

---

**רחמנא לצלן** (ראַכמאַנע ליצלאָן)—גאָט דער דערבאַרעמדיגער זאָל אונז אָרויסראַטעווען. **ברודיג**—אומריין, שמוציג. **ערב פסח** (ערעוו פּעיסאַך)—דער טאָג (די צייט) פאַר פסח. **חמץ** (כאָמעץ)—אַלץ וואָס איז ניט כשר, ניט גוט פאַר פסח (ערב פסח ווערט געוועהנליך פיעל דערפון אַוועקגעוואָרפען און אַוועקגעוואַשען). **ווי געהעריג איז**—ווי עס דאַרף זיין.

האָבען געאַרבעט. די גאַנצע זאַך איז געווען אָפּגעטאָן אין איין שעה צייט. די לבנה איז נאָך הויך געשטאַנען אין מיטען הימעל און געלויכטען, און די שטערנדלאַך האָבען געפינקעלט און דעם אַלטען גאון האָט זיך געדאַכט, אַז די לבנה פרייט זיך און די שטערנדלאַך קוועלען אָן פאַר נחת און די מלאכים אין הימעל זינגען זים זייער שירה און אין זייער זמר האָבען זיי דאָס מאָל אַ נייעם פזמון אַריינ־גענומען:

„כי הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל״ — וואָרים עס דרימעלט ניט און עס שלאָפט ניט דער היטער פון ישראל.

„געלויבט איז גאָט! געלויבט ביסטו גאָט ברוך הוא פאַר דיינע חסדים!״ האָט דער אַלטער גאון מיט אַ שטילער, הייליגער פרייד געזאָגט צום הימעל און זיין קלוג, אַלט פנים האָט געשטראַלט מיט גרויס דאַנקבאַרקייט און גליק. און נאָכדעם, אומקערענדיג זיך צום שמש, האָט ער געזאָגט:

„איהר הערט, ר׳ פייוועל, קיין וואָרט, קיין פּיפּס פון דעם וואָס איהר׳ט היינטיגע נאַכט געהערט און געזעהן. קיין ילוד אשה טאָר דערפון דערוויילע ניט וויסען.״

לוסטיג און פריילין האָבען די פּראָגער אידען אין דער נאַכט פון ערשטען סדר געדאַווענט אין דער אַלטער, הייליגער שוהל. לוסטיגער און פרייליכער ווי תמיד האָבען זיי געזאָגט דעם הלל, וואָ־רים זיי האָבען געקוקט אויף זייער אַלטען רב און געזעהען, אַז זיין פנים שיינט מיט אַזאַ יום טוב׳דיגער חדוה, גלייך ווי די שכינה

---

שעה (שאַ)—שטונדע. נחת (נאַכעס)—פאַרגעניגען, דערקוויקונג. זמר (זעמער)—געזאַנג. פזמון (פּיזמען)—אַ געזאַנג, אַ הימנע (אַ פערז). כי הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל (קי הינעי לעי יאַנום וועלעי יישאַן שעימעיר איסראַעל). ברוך הוא (באַרוך הו)—געלויבט איז ער. חסדים (כסאַדים)—גענאַדען, גוטסקייטען; חסד (כעסעד)—אַ גענאַד, אַ גוטסקייט. ילוד אשה (יעלוד אישאַ)—אַ געבוירענער פון אַ פרוי, אַ מענש. הלל (האַלעיל)—אַ רייהע הימנעס פון תהלים, וועלכע מען זאָגט אום יום טוב, און זייער הויפּט־מאָטיוו איז: „לויבט גאָט!״. פנים (פּאַנים)—געזיכט. חדוה (כעדווע)—אויפ־געראַמטקייט, גרויס פרייד; חדוה׳קייט—פרעהליכקייט. שכינה (שעכינע)—גאָט׳ס געזיכט, גאָט׳ס שטראַלענדיגער שיין.

וואָלט אויף איהם געדוהט, און דעסטגלייכען ליכטיג און פריילין, האָט געשיינט דאָס פנים פון דעם אַלטען שמש, וואָס איז געשטאַנען אויף דער בימה. און אַז עס איז געקומען צום פסוק: „מן המצר קראתי יה ענני במרחב יה,“ האָט דער אַלטער רב אַזוי ווי מיט אַ טיפען סוד געדריקט די ווערטער און דער אַלטער שמש האָט מיט גרוים כונה געקלאַפּט מיט דער פויסט אין טיש פון דער בימה. נאָר פלוצים איז דאָס געזאַנג איבערגעריסען געוואָרען, די תפלה איז געבליבען הענגען אויף׳ן עולם׳ס ליפּען, און די מיילער ביי די מתפללים ווי זיי זיינען געווען אָפען אַזוי זיינען זיי שוין פאַר שרעק געבליבען צעעפענט.

וואָרים פלוצים האָט זיך מיט כח אויפגעעפענט די טיר, און אינעווייניג אין דער גרויסער שוהל האָט זיך אַריינגעריסען דער שר פון שטאָט, דער בישאָף און אַ סך קלענערע גלחים און דעם שר׳ס שווייצאַרען מיט זעלנער און דער משומד יאָהאַן איז אויך געווען צווישען זיי.

אַ טויטע שטילקייט, אַזוי ווי דער גאַנצער קהלה וואָלט פלוצים אָפּגענומען דאָס לשון, האָט אָנגעפילט די גרויסע שוהל, און אַלע אויגען זיינען געווען גרוים אויפגעריסען און אָנגעשטעלט אויף די אַריינגעקומענע.

דער שר איז מיט זיכערע טריט אַרויף אויף דער בימה און מיט אַ קול פון איינגעהאַלטענער נקמה האָט ער זיך אָפּגערופען צו דער קהלה.

„אידען! איהר האָט שוין ווידער אָפּגעטאָן איינם פון אַייערע מיאוס׳ע שפּיצלאַך לכבוד אייער פסח! ווידער האָט איהר גע׳הרג׳עט

---

**פסוק** (פּאסיק) — א פערז פון דער ביבעל. **מן המצר קראתי יה ענני במרחב יה** (מיז האמעיצאר קאראסי יא אנאני באמערכאוו יא) — פון דער ענגשאפט האב איך צו גאט גערופען, האט גאט מיר געענטפערט אין געראמקייט. **כונה** (קאוואנע) — פארטיפטקייט, פארטיפטקייט פון געדאנק אדער געפיהל; באטייטונג; געדאנק; צוועק. **מתפללים** (מיספאלעלים) — דאוונער, גאטבעטער. **כוח** (קאי-אך) — קראפט. **זעלנער** — סאלדאטען. **לשון** (לאשן) — שפראך, די קראפט פון רעדען; **אָפּנעמען דאָס לשון** — שטום ווערן. **מיאוס** (מיעס) — ניט שען, **ugly**. **לכבוד** (לעקאוועד) — צוליב פון דער עהרע וועגען, **in honor**.

אַ קריסטליך קינד און זיין בלוט אָפּגעצאַפּט פאַר אַייערע טייוולאָנישע מנהגים. איך זאָג אַייך, אידען, מיט גוטען, זייט זיך מודה, וועט איהר בעסער מאַכען."

אַ רגע איז געוועזן שטיל, אָבער דערנאָך האָט זיך רבי יונתן אָפּגעטיילט פון דער קהלה און צוטרעטענדיג צום בימה האָט ער געזאָגט:

„אדוני השר! אונזערע הענט זיינען ריין. גאָט אין הימעל, וואָס איז דער פאָטער פון אַלע באַשעפענישען, זעהט וואָס אין אונזערע הערצעד טוט זיך, און ער ווייסט, אַז דאָס איז ווידער אַ בלבול פון עפּעס אַ צורר, צי אַן עוכר ישראל, וואָס וויל זיך באָדען אין אונזער בלוט. דער עלילת־דם איז תמיד געוועזן אַ שקר־בלבול און אויך היינט ווייסען מיר ניט פון קיין זינד. און אויב אַן אָרעם קריסטליך קינד איז טאַקע דער׳הרג׳עט געוואָרען, האָט עס, ווי תמיד, געטאָן אייערער אַ קריסט אָבער ניט קיין בן ישראל חלילה".

„געגונג צו טענה׳ן" האָט אומגעדולדיג אויסגעשריען דער בישאָף, „זאָלען בעסער דעם האַר׳ס שווייצאַרען נעמען באַזוכען זייער סינאַגאָגע. דאָ אין שוהל ליגט באַהאַלטען דעם קדוש׳ס אָפּגעצאַפּט בלוט".

„זוכט!" האָט ר׳ יונתן געזאָגט, און דער עולם, וואָס האָט די גאַנצע צייט געציטערט ווי אַ בלאַט, איז צעריק רוהיג געוואָרען פון דעם הייליגען גאון׳ס רוהיגען קול.

אַלע זיינען געוועזן שטיל, בלויז די שווייצאַרען האָבען גראָב גע־נישטערט צווישען די ספרים, אין די סטענדערס און אונטער די בענק. זיי האָבען אָבער קיין זאַך ניט געפונען און האָבען בעז גע־מורמעלט.

---

טייוולאָניש—אַזוי ווי פון טייוועל; טייוועל—devil. מנהגים (מינהאָגים)—פיה־רונגען, רעליגיעזע (קהל׳שע) געוועהנהייטען; מנהג (מינהעג)—פיהרונג, רעליגיעזע גע־וועהנהייט, rite. מודה (מעידע) זיין—אויסזאָגען דעם אמת, confess. עלילת דם (אַלילאָס דאָם)—דער בלוט־בלבול, די ווילדע, פאַלשע באַשולדיגונג, אַז אידען באַדאַרפען קריסטליך בלוט אויף פסח. שקר (שעקער)—פאַלשקייט, ליגען. בן (בען) ישראל—אַ אידיש־קינד. טענה׳ן (טאַינען)—רעדען, argue. קדוש (קאָדעיש)—אַ מאַרטירער; ספרים (סעפאָרים)—ביכער; ספר (סעיפער)—אַ בוך.

„לאָזט אַקאָרשט מיך זוכען״, האָט דער משומד יאָהאַן מיט אַ ציטרען שמייכעל זיך אָפּגערופען, און ער איז צוגעגאַנגען צום אָרון קודש, כלומר׳שט געזוכט צווישען די ספר תורות, און געפינענדיג דאָרט גאָרנישט, האָט ער זיך איינגעבויגען, צעעפענט דאָס על־מערעל, און געבענדיג כלומר׳שט אַ פיהר מיט די פינגער אַהער און אַהין, האָט ער אַרויסגענומען דאָס קידוש־פלעשעל און מיט גרויס נצחון עס דערלאַנגט צום שר אויף דער בימה.

„אָט איז עס!״ האָט ער אויסגערופען, „דאָס אָפּגעצאַפּטע קריסטליכע בלוט״.

„אויב דער זאַפט פון ווייַנטרויבען״, האָט דער אַלטער רב זיך שטיל און רוהיג אָפּגערופען, „איז בלוט פון אַ מענשען, דענסטמאָל איז עס קריסטליך בלוט. זאָל עס דער שר פּרובירען״.

און אַז דער שר האָט זיך אין פלאַש גוט איינגעקוקט פאַר׳ן שיין פון די פיעל לאָמפּען און ליכט, האָט זיך אַ גרויסער צווייפעל אויסגעלעגט אויף זיין פנים, און אַז ער האָט אַ שמעק געטאָן אינעווייניג און נאָך אַרויסגעגאָסען אַ פּאָר טראָפּענס אויף דער האַנט און עס אַ לעק געגעבען מיט דער צונג, האָט ער שטיל און זיכער געזאָגט:

„וויין, ווי אַלע ווײַנען!״

און ער האָט פאַרזיגעלט די פלאַש מיט זיין זיגעל און ער מיט׳ן בישאָף מיט דער גאַנצער מחנה זיינען ווי אָפּגעשמיסענע אַרויס פון שוהל און די אידען האָבען מיט גרויס שמחה און מיט אַ געפיהל פון אַ גרויסער ישועה ווייטער געזאָגט זייער איבערגעריסענעם הלל, און אַז עס איז געקומען צו „הודו לה׳ כי טוב״, האָבען זייערע פּיס ממש געטאַנצט פאַר פרייד.

---

אַקאָרשט—just. נצחון (ניצאכן)—טריאומף, זיעג. זיגעל—seal. מחנה (מאַכ־נע)—עולם, נאָכגעהער, סוויטע. הודו לה׳ כי טוב (העידו לאַדענאַי קי טעיוו)—לויבט (דאַנקט) גאָט, ווארום ער איז גוט. ה׳—אַ אַפּקירצונג פון גאָט׳ס נאָמען, ווערט אויסגע־רעדט—אדוני (אַדענאַי), גאָט. לה׳—צו גאָט. ממש (מאַמעש)—אויף אַ אמת, ווירק־ליך, בוכשטאַבליך, literally.

און אַז דער שר האָט די זאַך חוקר ודורש געווען, איז ער דער־גאַנגען, אַז דאָס קריסטליכע קינד איז דער׳הרג׳עט געוואָרען פון משומד יאָהאַן מיט דער הילף פון בישאָף און אַנדערע גלחים. און אַז זיי האָבען עס אָפּגעצאַפּט דאָס בלוט פון הרוג און אַריינגעגאָסען עס אין קידוש־פלאַש אַנשטאָט דעם וויין, וואָס איז דאָרט געווען. איין זאַך האָט ער נאָר ניט געוואוסט, ווי אַזוי איז אין פלאַש צעריק פון בלוט וויין געוואָרען. און די גויים האָבען געזאָגט, אַז דאָס האָבען די אידען מיט׳ן בלוט אָפּגעטאָן אַ כישוף, און די אידען האָבען געזאָגט, אַז דאָס האָט גאָט ברוך הוא פון זייערטוועגען און אין זכות פון זייער גאון אַ נס געטאָן.

דער אַלטער גאון האָט געשוויגען און דער אַלטער שמש האָט געזאָגט: „יע, קינדערלאַך, אַ נס, אַ נס מן השמים, ווי אין פסוק שטעהט: „כי הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל“.

און דעם משומד יאָהאַן האָט מען אויפגעהאַנגען, און דעם בי־שאָף מיט די גלחים האָט מען אַריינגעוואָרפען אין תפיסה, און די אידען פון פּראָג האָבען געהאַט אַ פרייליכען פסח, דעם פריילִיכס־טען זייט פיעל יאָהרען.

---

**חוקר ודורש** (כעיקער וועידעירעיש) **זיין**—אויספאָרשען. **הרוג** (האַרוג)—אַ דער׳־הרג׳עטער. **גויים** (גויאים)—ניט אידען (קריסטען). **כישוף** (קישעף)—צויבער־קראַפט, וואונדער מיט׳ן כוח פון טייוועל, **magic**, **witchcraft**, **sorcery**. **תפיסה** (טעפּיסע)—געפענקעניש.

---

די אויבען־דערצעהלטע מעשה, איז אַ כאַראַקטעריסטישע עלילת־דם־געשיכטע. זי איז אויך כאַרעקטעריסטיש פאַר די פיעל מעשות, וואָס געהען אום אין פאָלק מכח דער אַלטער שטאָט פּראָג, איהר אַלטע שוהל און איהרע באַריהמטע רבנים־גאונים.

די מעשה שטאַמט פון פּראָגער פנקס—אַ בוך פון כראָניקעס ביי אַלטע אידישע קהלות. אין איצטיגען ביכעל ווערט די געשיכטע פריי דערצעהלט לויט די נוסחאות פון אלכסנדר זיסקינד ראַבינאָוויטש (נטיעים, וואַרשע, 1907) און י. ז. וועַנדראָווסקי (דאָס אידישע טאַגעבלאַט, 29טען מערץ, 1915).



# דער רמב"ם און דאָס מענשעלע

אַמאָל זיינען אויף דער וועלט געווען צוויי וואונדערבאַרע ספרים, וואָס נאָר גרויסע חכמים האָבען אין זיי געקאָנט כאָטש עפּעס פאַרשטעהן. און איין ספר איז געווען געשריבען פון משה רבינו, דער צווייטער — פון שלמה המלך.

דער ספר פון משה רבינו האָט געהייסען „ספר יצירה" — דאָס בוך פון דער באַשאַפונג. און עס האָט זיך אין איהם דערצעהלט, ווי אַזוי גאָט האָט באַשאַפען דעם מענשען'ס גלידער, ווי אַזוי ער האָט זיי צונויפגעקניפּט און ווי אַזוי ער האָט זיי באַקליידט מיט הויט און אָדערן, און האָט אין זיי אַריינגעבלאָזען דעם אָטעם פון לעבען. און דער ספר פון שלמה המלך האָט געהייסען „ספר ירקות" — דאָס בוך פון קרייטעכער. און עס האָט זיך אין איהם דערצעהלט פון די גרויסע סודות, וואָס ליגען פאַרבאָרגען אין פאַרשיידענע גראָזען, וואָס מען קען מיט זיי גלייך מאַכען קרומע און זעהענדיג מאַכען בלינדע, און סתם באַווייזען אַלערליי וואונדער.

זיינען זיך די צוויי ביכער אומגעגאַנגען איבער דער גרויסער וועלט און זיי זיינען געגאַנגען פון לאַנד צו לאַנד, פון איין גרויסען חכם צום אַנדערען און קיינער האָט זיי ניט געקאָנט פאַרשטעהן. און אַז די ביכער זיינען אָנגעקומען קיין מצרים, האָבען די כשוף־מאַכער אין זיי געקוקט און געקוקט און זיך פון זיי בלויז אויסגעלערנט כשוף מאַכען און ווייטער גאָר ניט.

---

**סודות** (סעידעס)—מעהרצאהל פון **סוד**. **סתם** (סטאַם)—גלאַט אַזוי, אין אַלגעמיין.
**מצרים** (מיצראַאים)—דאָס לאַנד עגיפּטען.

ויהי היום, איז קיין מצרים אָנגעקומען דער גרויסער חכם אַריסטו; און אַז ער האָט וועגען די צוויי ביכער דערהערט, איז ער געקומען און פאַר זיי אוועקגעלעגט זיין גאַנץ פאַרמעגען און זיי געבראַכט צו זיך אויף דער סטאַנציע און זיך אַנידערגעזעצט לייענען. וואָס ווייטער אַריסטו האָט געלייענט אין די צוויי ביכער, אַלץ טיפער איז געוואָרען זייער חכמה, ביז צום סוף האָט ער זיך אַרומגעזעהן, אַז זייערע סודות זיינען נאָך טיפער פון דעם ים, און אַז ער וועט זיי ניט קאָנען דערגרונטעווען. איז איהם געוואָרען זעהר אומעטיג אויף׳ן האַרצען.

אַ לאַנגע צייט איז אַריסטו אַזוי געזעסען פאַרקלערט און פאַרזאָרגט איבער די צעעפענטע ביכער און זיין מידער קאָפּ האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַלץ נידעריגער אויף זיין אָרעם, ביז ער איז אַנדרעמילט געוואָרען. ווי ער שלאָפט אַזוי, חלום׳ט זיך איהם, אַז אימיצער קומט אַריין אין שטוב און זאָגט צו איהם מיט פרייד:

— אַריסטו, זעה נאָר וואָס פאַר אַ גרויסע זון עס איז אויפגעגאַנגען אויף דער וועלט! זעה נאָר וואָס פאַר אַ גרויסע און ליכטיגע זון!

און אַריסטו׳ן איז ליכטיג געוואָרען אין די אויגען און ער האָט זיך אויפגעכאַפּט. און אַריסטו האָט זיך זעהר פאַרוואונדערט פון דעם מאָדנעם חלום און ער איז געקומען צו די כשוף־מאַכער און ער האָט צו זיי געזאָגט: אַזאַ און אַזאַ חלום האָט זיך מיר גע׳חלום׳ט, וואָס איז זיין באַשייד?

זאָגען זיי צו איהם:

— זאָלסט וויסען זיין, אַז אַן אמת׳ער חלום האָט זיך דיר גע׳חלום׳ט. עס איז טאַקע אמת, אַז אַ גרויסע זון איז אויפגעגאַנגען אין אונזערע טעג, און זי וועט באַלייכטען די גאַנצע וועלט. און די דאָזיגע זון איז דער רמב״ם, דאָס איז רבי משה דער זוהן פון מיימון, און ער זיצט אין דער שטאָט קאָרדאָוואַ, וואָס איז אין דער מדינה פון הישפּאַניע. נעהם די ביכער, וואָס דו ביזט אין זיי בלינד, און לאָז זיך אַוועק צו איהם, און אַז דו וועסט צו איהם קומען, וועט דיר ליכטיג ווערן אין די אויגען.

---

סטאַנציע — קוואַרטיר. דערגרונטעווען — דערגרייכען דעם גרונט, דעם סוף. הישפּאַניע — שפּאַניען.

האָט אַריסטו גלייך גענומען די צוויי ספרים און האָט זיך מיט זיי אַוועקגעלאָזט אין דער שטאָט קאָרדאָווא, וואָס אין הישפּאַניע, צום רמב"ם. און ווי נאָר אַריסטו איז אַריבערגעטראָטען דעם רמב"ם'ס שוועל און האָט דערזעהן זיינע ליכטיגע אויגען ווי די זון, איז ער פאַר איהם געפאַלען אויף די קני און זיך געבוקט צו דער ערד. און אַריסטו האָט דעם רמב"ם דערצעהלט זיין גאַנצען באַגעהר, און ער האָט איהם דערלאַנגט די צוויי ספרים.

אַז דער רמב"ם האָט אַ קוק געטהאָן אויף די צוויי ספרים, האָט ער באַלד דערזעהן, אַז דאָס זיינען די צוויי טייערסטע אוצרות פון דער וועלט. האָט ער זיך זעהר דערפרייט און געזאָגט:

— אַריסטו, בלייב וואוינען ביי מיר אין הויז, און פון מיין טיש זאָלסטו עסען, און מיר וועלען ביידע לערנען אין די ביכער ווי צוויי חברים, און איך וועל פון דיר ניט פאַרהוילען קיין זאַך, וואָס איך וועל אין זיי דערגעהן.

און אַריסטו האָט געטהאָן ווי דער רמב"ם האָט איהם געזאָגט, און ער איז שוין געבליבען זיצען אין זיין הויז. ביי טאָג האָבען זיי זיך פאַרנומען מיט דאָקטאָריע און אין דער נאַכט האָבען זיי געלערנט אין די צוויי ביכער. פריהער האָבען זיי אויסגעלערנט משה רבינו'ס „ספר יצירה", דערנאָך האָבען זיי זיך גענומען פאַר דעם „ספר ירקות" פון שלמה המלך. אַזוי איז אַוועק אַ קיילעכיג יאָהר, ביז זיי האָבען אויסגעלערנט ביידע ביכער פון טאָוועל ביז טאָוועל.

ויהי היום, עס איז געקומען סוף יאָהר, אַז זיי זיינען פאַרטיג געוואָרען מיט ביידע ביכער, האָט זיך דער רמב"ם אַרומגעזעהן, אַז מיט די סודות און חכמות וואָס ער איז דערגאַנגען פון די צוויי ביכער, קאָן ער באַשאַפען אַ מענשען, און דער מענש זאָל לעבען אייביג. און דער רמב"ם האָט גערענקט דאָס וואָרט, וואָס ער האָט געגעבען אַריסטו'ן, אַז ער וועט פון איהם ניט פאַרהוילען קיין זאַך,

---

**באַגעהר**—שטאַרקער פאַרלאַנג. **אוצר** (עיצער)—אַ זעהר טייערע זאַך, אַ גרויס רייכקייט, **treasure**. **אוצרות** (עיצרעס)—מעהרצאָהל פון **אוצר**. **פאַרהוילען**—פאַרבאַרגען, באַהאַלטען. **חכמות** (כאָכמעס)—קלוגשאַפטען, קלוגע זאַכען, וויסענשאַפטען; איינצאָהל—**חכמה** (כאָכמע).

וואָס ער וועט דערגעהן אין די ביכער, האָט דער רמב"ם איהם אויס־געזאָגט דעם סוד.

און דאָס איז געווען דער סוד ווי אַזוי צו באַשאַפען אַ מענשען, וואָס זאָל לעבען אייביג. מען זאָל נעמען אַ לעבעדיגען מענשען, צעגלידערן איהם און דערנאָך די גלידער צונויפקניפען און אַריינ־לעגען זיי אין אַ גלעזערנעם סלאָי, וואָס מען קאָן איהם אַדורכקוקען אינעווייניג. אין סלאָי זאָל מען אַריינגיסען אַזאַ מין רפואה און אַזוינע מיני קרייטעכער. דערנאָך זאָל מען דעם סלאָי צעריק פאַרמאַכען און פאַר'חתמ'נען אויף ניין חדשים, וועט צום סוף פון די ניין חדשים דער מענש אין סלאָי ווידער געבוירען ווערען. און דער מענש וועט לעבען אייביג, ווייל קיין שווערד וועט איהם ניט פאַרלעצן, און קיין קויל וועט איהם ניט נעמען, און קיין פייער וועט איהם ניט פאַרברע־נען, און קיין וואַסער וועט איהם ניט דערטרינקען, און קיין קראַפט וועט איהם ניט בייקומען.

אַז אַריסטו האָט דאָס דערהערט האָט ער גלייך געוואָלט, אַז זיי זאָלען דאָס אויספּרואווען אויף איינעם פון זיי. איז ביי זיי געבליבען, אַז זיי זאָלען וואַרפען גורל. האָבען זיי אַזוי געטאָן, איז דער גורל געפאַלען אויף אַריסטו, אַז ער איז דער ערשטער וועמען עס איז באַשערט צו לעבען אייביג. האָבען זיי אָפּגעשטעלט אַ טאָג, און אין דעם באַשטימטען טאָג זיינען זיי זיך צונויפגעקומען אין אַ פאַר־באָרגענעם חדר. דאָרטען האָבען זיי איינער דעם צווייטען געגעבען אַ תקיעת כף. דער רמב"ם האָט אַריסטו'ן געגעבען תקיעת כף, אַז ער וועט איהם נאָך'ן צעשניידען צעריק אומקערען דאָס לעבען און אַז די גאַנצע צייט, וואָס ער וועט ליגען אין סלאָי אָהן כח, וועלען איהם זיינע הענט קיין בעז ניט טאָן. און אַריסטו האָט געגעבען אַ תקיעת כף דעם רמב"ם, אַז ער וועט נאָך זיין ניי־געבוירען ווערן טאָן דאָס אייגענע צום רמב"ם, וואָס ער טוט איצט צו אַריסטו'ן.

---

**סלאָי**—**jar**. **רפואה** (רעפוּע)—אַ מעדיצין, **drug**, אַ מיטעל צו אַ קראַנקהייט. **פאַר'חתמ'ענען** (פאַרכאַסמענען) — פאַרזיגלען. **פאַרלעצן**—פאַרניכטען, טויטען. **תקיעת־כף** (טעקיאַס קאַף)—אַ האַנט, אַ געשוואָרענע פאַרזיכערונג (געבענדיג זיך דערביי איינער דעם צווייטען די האַנט).

און דער רמב"ם האָט אַריסטו'ן צעגלידערט און צענויפגעבונ-
דען זיינע ביינער ווי עס באַדאַרף צו זיין און האָט זיי אַריינגעלעגט
אין סלאַי און באַגאָסען מיט'ן זאַפט און דורכגעשפּריצט מיט די גראָ-
זען און קרייטעכער. און ער האָט דעם סלאַי פאַרמאַכט און פאַר-
חתמ'עט און איהם אַוועקגעשטעלט אין אַ זיכערען אָרט און איז אַוועק.

און דער רמב"ם פלעגט אַלע נאַכט קומען אין דעם דאָזיגען חדר
געוואויר ווערן, וואָס עס הערט זיך אין סלאַי, צי שפּירט זיך אין
איהם ניט עפּעס אַן ענדערונג. אָבער ער האָט אין איהם קיין זאַך ניט
געזעהן אַחוץ די קרייטעכער און אַריסטו'ס צונויפגעבונדענע ביינער.
אַזוי זיינען אַוועק באַלד דריי חדשים. אָבער אויפ'ן סוף פון דעם
דריטען חודש, ווי דער רמב"ם קומט איינמאָל צוגעהן אין חדר און
קוקט דורך'ן גלאָז אַריין אינעווייניג אין סלאַי, דערזעהט ער, ערשט
צווישען די ביינער שווימט אַרום אַ קליין מענשעלע, ווי אַ ניסעל
די גרויס. האָט זיך דער רמב"ם זעהר דערפרייט, ווייל דאָס קליינע
מענשעלע האָט אינגאַנצען אויסגעזעהן ווי זיין צעגלידערטעד פריינד
אַריסטו. און אַ פריילּיכער האָט דער רמב"ם צוריק פאַרשלאָסען דאָס
צימער און זיך געלאָזט געהן אַהיים. נאָר ווי ער געהט אַזוי און טראַכט
מיט פרייד, אַז פון איצט אָן וועט מען שוין קאָנען מאַכען, אַז אַלע
מענשען זאָלען לעבען אייביג, דערהערט ער לעבען זיך מיט אַמאָל
זעהר אַ טרויעריג געוויין. דער רמב"ם קוקט זיך אַרום, ערשט אַ
מלאך געהט לעבען איהם און וויינט, און זיינע טרערען פינקלען אין
דער נאַכט מיט צער און שרעק, און דער מלאך שטרעקט אויס זיינע
הענט צום הימעל מיט געבעט און שרייט אויס:

— וועה! וועה!

און דער מלאך ווערט ניט.

טראַכט זיך דער רמב"ם:

— עס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, ווייל צי געהען נאָך היינטיגע
צייטען מלאכים אויף דער ערד?

אויף מאָרגען אַז דער רמב"ם איז ווידער געקומען אין חדר און
אַריינגעבליקט אין גלעזערנעם קרוג, האָט ער דערזעהן, אַז דאָס
מענשעלע איז שוין אַ ביסעלע צוגעוואַקסען, האָט ער זיך נאָך מעהר

זאַפט—sap ,juice.

געפּרייט. אָבער ווי נאָר ער האָט זיך אַ פּריילִיכער געלאָזט געהן אַהיים האָט ער ווידער דערהערט ווי אימיצער וויינט לעבען איהם זעהר טרויעריג. דאָס איז געווען דער נעכטיגער מלאך, און ער האָט נאָך אַמאָל אַזוי ווי נעכטען אַ הייב געטאָן זיינע הענט צו הי־מעל און האָט מיט גרויס צער אויסגעשריען:

— וועה! וועה!!

און איז ניט געוואָרען. דעמאָלט האָט שוין דער רמב"ם פאַר־שטאַנען אַז דאָס האָט זיך איהם ניט אויסגעדאַכט און אַז עס איז ניט אומזיסט. פון דעסטוועגען האָט ער אָפּגעוואַרט נאָך אַ פּאָר טעג, און דאָס מענשעלע אין סלאָי איז אַלץ געוואַקסען און איז אַלץ קענטיגער געוואָרען. נאָך יעדעס מאָל, ווען דער רמב"ם איז געגאַנ־גען צעריק פון דעם פאַרבאָרגענעם חדר, האָט ער לעבען זיך אַלץ ווידער געטראָפען דעם וויינענדיגען מלאך, און דער מלאך האָט יע־דעס מאָל אויפגעהייבען די הענט קעגען הימעל און אויסגעשריען:

— וועה! וועה!!

איז דער רמב"ם געוואָרען זעהר אומרוהיג. שווערע מחשבות האָבען אָנגעהויבען עגבערען זיין מוח און זיין שלאָף איז פון איהם פאַרוואָגעלט געוואָרען אין די נעכט.

— סטייטש! — האָט דער רמב"ם אַלץ געקלערט און גע־טראַכט.—דער מלאך וויינט ניט אומזיסט. ווען אַריסטו וועט פון סלאָי אַרויס אַ לעבעדיגער און ער וועט קיינמאָל ניט שטאַרבען, וועלען דאָך די מענשען מיינען, אַז ער איז אַ גאָט, און זיי וועלען צו איהם ברענ־גען קרבנות, און עס וועט ווערן אַ נייע עבודה זרה אויף דער וועלט.

— גאָט אין הימעל! — האָט דער רמב"ם ניט אויפגעהערט צו קרעכצען — גאָט אין הימעל! ווי אַן אייביגע עבודה זרה וועט אַריסטו נעמען אַרומגעהן צווישען מענשען, און אַלע וועלען זאָגען, אַז ער איז אַ גאָט, ווייל זיי וועלען זעהן, אַז ער לעבט אייביג.

---

**מחשבות** (מאַכשאָוועס) — צער (צאַאר) — פאַרדרוס, אומעט, פּיין. הארצוועהטאג. געדאַנקען, **meditations**. **קרבנות** (קאָרבאָנעס) — די זאַכען, וואָס מען ברענגט צו גאָט, **offerings**; איינצאָהל — **קרבן** (קאָרבען). **עבודה זרה** (אַוועידע זאָרע) — אַ פאַלשער גאָט, אַ געץ, **idol**.

און וואָס מעהר דער רמב"ם האָט וועגען דער זאַך געקלערט, אַלץ מורא'דיגער איז זי פאַר איהם געוואָרען. און אַלץ גרעסער איז געוואָרען זיין שרעק ביז צום סוף האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז צוליב דעם אמת'ן גאָט, און כדי די וועלט זאָל ניט פאַרפיהרט ווערן אויף'ן וועג פון שקר, מוז ער דאָס מענשעלע פטר'ן. און איינ־מאָל איז ער גאַנץ פריה געקומען אין יענעם חדר, און ער האָט אויס־געשטרעקט זיין האַנט און אָנגעכאַפּט דעם גלעזערנעם קרוג און איהם שוין געוואָלט אַראָפּוואַרפען אויף דער ערד מיט זיין גאַנצען כח, אַז דער קרוג זאָל צעבראָכען ווערן און אַלץ, וואָס אינעווייניג זאָל אויסגע־גאָסען ווערן און דאָס וואַקסענדע מענשעלע זאָל צעקלאַפּט ווערן אויף פּיץ־פּיצלאַך. אָבער ווי נאָר דאָס מענשעלע האָט דאָס דערזעהן, האָט זיך עס גלייך אַ שטעל געטאָן אויף זיינע פיסלאַך און האָט פון צווי־שען די קרייטעכער אויסגעשטרעקט זיין רעכט הענטעל מיט אַ טענה און געקוקט דעם רמב"ם גלייך אין די אויגען: ס'הייסט, דער תקיעת כף! האָסט דאָך מיר עפּעס געגעבען אַ תקיעת כף!

איז דער רמב"ם געבליבען שטעהן אַן אָפּהענטיגער, ווייל ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט אַריסטו'ן טאַקע געשוואָרען און איהם געגעבען אַ תקיעת כף, אַז זיין האַנט וועט איהם קיין בעז ניט טאָן. איז דער רמב"ם אַזוי געבליבען שטעהן אַ צעמישטער און אַ היבשע ווייַלע האָט ער מיט שרעק געקוקט דעם מענשעלע צעריק אין די אויגען, געקוקט אויף זיין אויסגעשטרעקט הענטעל, ביז צום סוף האָט ער דעם סלאָי צעריק אַוועקגעשטעלט אויף זיין אָרט, און ער איז צעריק אַרויס פון חדר מיט אַ ביטער האַרץ און מיט אַ שווער געמיט.

און עס זיינען אַריבערגעלאָפען נאָך עטליכע טעג, און דאָס מענ־שעלע איז געוואָרען אַלץ גרעסער און שטאַרקער, און אַזוי ווי דאָס מענשעלע איז געוואַקסען, אַזוי איז אויך געוואַקסען דעם רמב"ם'ס שרעק.

— וואָס טוט מען? — האָט ער אַלץ ניט אויפגעהערט צו טראַכ־טען — קען איך דערלאָזען, אַז עס זאָל ווערן אַ נייע און דערצו נאָך אַן

---

שקר (שעקער)—פאַלשקייט. פטר'ן (פּאַטערן)—הרג'ענען. אָפּהענטיג—אָהן מוט.

אייביגע עבודה זרה אויף דער וועלט? בפרט אַז מן השמים האָט מען מיך מתרה געווען, אַז איך זאָל דאָס ניט דערלאָזען! אָבער פון דער אַנדער זייט, וואָס טו איך מיט מיין שבועה? איך האָב דאָך איהם פאָרט געגעבען אַ תקיעת כף, אַז מיין האַנט וועט איהם ניט אָנריהרען?

און דער רמב"ם האָט זיך ניט געקאָנט געפינען קיין רוה, און צו דעם מענשעלע אין חדר האָט ער שוין ניט געקאָנט קומען, ווייל עס פלעגט איהם ווערע טאָן צו זעהן ווי עס ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער, און ווי נאָר דאָס מענשעלע פלעגט איהם דערזעהן, אַזוי פלעגט דאָס גלייך דערשראָקען געבען אַ שפרונג אויף זיינע פיסלאַך און פלעגט צו איהם אויסשטרעקען דאָס הענטעל. גלייך, ווי עס וואָלט געשריען: דער תקיעת כף! געדענק דעם תקיעת כף!

און דער רמב"ם האָט זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען, און ווי אַ שאָטען האָט ער זיך אַרומגעדרעהט איבער די גאַסען.

געהט זיך אַזוי דער רמב"ם איינמאָל איבער די דערוויטערטע גאַסען פון דער שטאָט קאָרדאָוואַ און טראַכט:

— גאָט אין הימעל! איך וואָלט געבעטען ביי דיין שר פון די ווינטען, ער זאָל אַראָפּשיקען אַ שטורעם אויף דער שטאָט, אַז דאָס דאָזיגע הויז זאָל איינפאַלען און דאָס קרוג זאָל צעבראָכען ווערן. האָב איך אָבער מורא אַז דער שטורעם וועט אַנדערע הייזער אויך איינוואַרפען און אַ סך אומשולדיגע מענשען וועלען אומקומען! און מיט מיין אייגענער האַנט קאָן איך דאָך דעם סלאַי ניט צעברעכען איבער'ן תקיעת כף!

געהט זיך דער רמב"ם אַזוי אַ פאַרטראַכטער איבער קאָרדאָ-ווער אָפּגעלעגענע גאַסען און ער זיפצט: „גאָט אין הימעל! גאָט אין הימעל!"

און אין דער רגע האָט מען אין הימעל דערהערט דעם רמב"ם'ס בקשה, און מען האָט פון דאָרט אַראָפּגעשיקט אליהו הנביא ער זאָל איהם העלפען.

---

מתרה (מאַסרע) זיין—וואָרנען, **warn**. שבועה (שעוואוע)—**oath**. בקשה (באַ-קאָשע)—געבעט. אליהו הנביא (עליאַהו האַנאָווי)—דער פּראָפעט אליהו (**Elijah**).

איז ווי דער רמב"ם געהט זיך אַזוי אַ פאַרזאָרגטער, וואַקסט פאַר איהם פלוצים אויס אַ גוי (דאָס איז געווען אליהו הנביא) מיט צוויי גרויסע שוואַרצע הענער. און אָט ווערט שוין אַרום דעם גוי אַ גרוי-סער ראָד מיט מענשען און אַלע קוקען מיט גרוים חשק ווי די הענער שלאָגען זיך. די הענער רייסען זיך איינער אויף'ן צווייטען, און ווי נאָר דער גוי לאָזט זיי אָפּ, ווערען זיי מיט אַ מאָל גרעסער און שוואַר-צער. זייערע רויטע קאַמען צינדען זיך אָן ווי פייער און זיי נעמען שפּרינגען איינער אויף'ן צווייטען מיט אַזאַ ווילדקייט, אַז זיי רייסען




אַזש אויף די ערד אונטער זיך, און אַ וואָלקען שטויב שלאָגט זיך אויף איבער זיי און איבער די מענשען.

איז דעם רמב"ם גלייך ליכטיג געוואָרען אין די אויגען. „די דאָזיגע הענער זיינען דאָך מיין ישועה!" איז איהם באַלד דורכגע-פלויגען אין קאָפּ. איז ער גלייך צוגעגאַנגען צום גוי און ביי איהם אָפּגעקויפט די צוויי הענער, און ער האָט זיי געהייסען אַריינלאָזען אין יענעם חדר.

חשק (כעישעק)—אינטערעס, פארטיפּטקייט.

און ווי נאָר מען האָט די צוויי פייערדיגע הענער, וואָס זיינען געווען צוויי פאַרשטעלטע שטורמווינטען, אַריינגעלאָזט אין יע־נעם חדר, האָבען זיי גלייך גענומען שפּרינגען און זיך טראָגען ביז'ן סטעליע און איבער טישען און בענק. און זיי האָבען זיך אַזוי לאַנג אַרומגעריסען ביז זיי האָבען דעם סלאַי מיט גרויס אימפּעט אַראָפּגע־שליידערט פון פּאָליצע אויף דער ערד און ער איז צעבראָכען געוואָרען אויף שטיק־שטיקלאַך, און אין דער זעלבער רגע האָבען זיך די קריי־טעכער צעשאָטען, די פליסיגקייט האָט זיך צעגאָסען איבער'ן דיל און דאָס מענשעלע איז צעקלאַפּט געוואָרען אויף פּיץ־פּיצלאַך, און עס איז אין דעם ניט געבליבען קיין איין פונק לעבען.

דעמאָלט האָט דער רמב"ם צוריק צונויפגענומען די טויטע שטיקלאַך פון'ם מענשעלע, וואָס איז געווען זיין פריינד אַריסטו, און ער האָט איהם מחילה געבעטען און מיט גרויס געוויין האָט ער איהם באַגראָבען אין אַ קבר, און די צוויי ספרים, — דעם „ספר יצירה" פון משה רבינו און דעם „ספר ירקות" פון שלמה המלך — האָט ער פאַרברענט.

און דער רמב"ם האָט געדאַנקט און געלויבט גאָט, פאַר זיך און פאַר אַלע מענשען, וואָס ער האָט זיי פאַרהיט פון אַן עבודה זרה, פון אַ פאַלשען גלויבען.

---

אימפּעט—קראַפט, **force**. פּאָליצע—**shelf**. פליסיגקייט—**fluid**. דיל—די פּאָדלאָגע, **floor**. מחילה (מעכילע)—פאַרגעבונג, ענטשולדיגונג.

---

די געשיכטע „דער רמב"ם און דאָס מענשעלע", וואָס ווערט דאָ איבערדערצעהלט פון ד ו ד א י ג נ אַ ט אָ ו ו , איז אַ כאַראַקטעריסטישע פאָלקס־מעשה. איהר תוך, ווי אַזוי דער רמב"ם (רבי משה בר' מיימון) האָט מיט אַריסטו'ן אַן אָפּמאַך געשלאָסען און פון איהם אַ מענשעלע באַשאַפען און דערנאָך, אויס רעליגיעזע טעמים, פאַרניכטעט, ווערט דערצעהלט אין ליטווישע און דרום־רוסישע שטעטלאַך. צי איז דער עפּיזאָד ערגעץ שוין פאַרשריבען איז ניט באַקאַנט. אין די מייסטע מעשות מכח דעם רמב"ם'ס דאָקטאָריע איז ער ניטאָ.

ווי געזאָגט, איז דאָס אַ כאַראַקטעריסטישע פאָלקס־מעשה. די פאָלקס־פאַנ־טאַזיע רעכענט זיך ניט מיט דער היסטאָריע. די פאָלקס־פאַנטאַזיע קען דעם רמב״ם אַלס דעם גרויסען א י ד י ש ע ן דאָקטאָר, געלערנטען און פילאָזאָף און אַריסטו'ן (אַריסטאָטעל) אַלס דעם גרויסען נ י ט א י ד י ש ע ן געלערנטען אין חכם, ברענגט זי זיי ביידען צוזאַמען. און עס געהט איהר גאָר ניט אָן, וואָס אַריס־טאָטעל, דער גריכישער פילאָזאָף, האָט געלעבט אין פינפטען און פערטען יאָהר־הונדערט פאַר דער קריסטליכער צייט־רעכענונג און דער רמב״ם האָט געלעבט פון 1135 ביז 1204 אין דער דאָזיגער צייטרעכענונג, אַ מהלך פון העכער זעכצעהן הונדערט יאָהר.



# דוד המלך'ס קבר

אַז דוד המלך איז געשטאָרבען, האָבען איהם די אידען מקבר געווען אין דעם קיניגליכען באַגרעבעניש־אָרט, וואָס ער האָט פאַר זיך און פאַר זיין הויזגעזינד אויסגעהאַקט לעבען באַרג ציון אין ירושלים. און אין די דאָזיגע הייהלען ליגען באַגראָבען אַלע מלכים פון בית דוד, פון שלמה המלך ביז זרובבל בן שאלתיאל, און דערי־בער רופט מען דעם דאָזיגען קיניגליכען בית עלמין „קברות בית דוד" ביז'ן היינטיגען טאָג.

ליגען זיך די ביינער פון די מלכים אין זייערע הייהלען, ליגען און רוהען. און עס קומט איין חורבן נאָך'ן צווייטען און די קיניג־ליכע קברים בלייבען גאַנץ, ניט געריהרט: און עס קומט אויף ירושלים איין פייער נאָך'ן צווייטען און די קברים ווערן ניט פאַר־סמאַליעט און ניט פאַרשאָטען; און עס קומען ערד־ציטערנישען און די הייהלען, וואו עס ליגען די קיניגליכע ביינער, גיבען זיך ניט קיין

---

**דוד המלך** (דאוויד האמעילאך)—קיניג דוד (דער צווייטער אידישער קיניג). **מלך**—א קיניג; מעהרצאהל—**מלכים** (מעלאכים). **ציון** (ציעין). **ירושלים** (יעירושאלאאים). **שלמה** (שלעימעי). **זרבבל בן שאלתיאל** (זערובאוועל בען שעאלטיעל)—זרבבל דער זוהן פון שאלתיאל (דער ערשטער אידישער פרינץ אין דער צווייטער אידישער מלוכה ווען זיי האבען זיך אומגעקערט פון בבל). **קברות בית דוד** (קיווורעים בעים דאוויד)—דאס באגרעבעניש־ארט פון הויז פון דוד המלך. **חורבן** (כורבן)—פארוויסטונג, צעשטערונג; הויפטזאכליך הייסט חורבן—די צעשטערונג פון בית המקדש און די פארוויסטונג פון אידישען לאנד פאלעסטינע. **פאַרסמאַליעט**—פארברענט פון אויבען, **scorched**.

טרייסעל און בלייבען אויף זייערע ערטער. און תמיד שוועבט אי־בער זיי אַראָפּ אַ שטיל ווינטעלע פון הר הזיתים, אַזוי ווי עס וואָלט אָפּגעפרישט די שלעפערדיגע און עס וואָלט געמורמעלט צו די פאַר־בייגעהער:

— ש! ש! ש! זייט שטיל! מאַכט קיין ליאַרם ניט! די מלכים שלאָפען!

און איינמאָל, פאַר הונדערטער יאָהרען, איז דער כאַליף געגאַנגען שפּאַצירען פאַרביי די קברים ביים באַרג ציון. און אַז ער איז געקו־מען צום קבר פון דוד המלך, איז איהם געווען טשיקאַווע אַריינצע־קוקען אין קבר און זעהן, וואָס טוט זיך אינעווייניג. האָט ער ניט געהערט דאָס וואָרענענדע רוישען פון קלאָרען ווינטעל, און ער האָט זיך אָנגעבויגען איבער'ן ראַנד פון גרוב אַ קוק צו טאָן.

האָט איהם באַלד אַ שלאָג געטאָן אין פּנים אַ פייערדיגער דאַמף און ער האָט אויף שנעל געמוזט אַוועקכאַפּען דעם קאָפּ. און ווי ער האָט זיך נאָר אָנגעבויגען, אַזוי האָט זיך זיין שווערד אַרויסגעגליטשט פון זיין שייד און פון זיין גאַרטעל און איז אַריינגעפאַלען אין גרוב.

און דער שווערד איז געווען זעהר אַ טייערער און זיין שטיל איז געווען פון גאָלד, באַזעצט מיט טייערע שטיינער, און געווען איז ער אַ מתנה פון אַ גרויסען קיניג, וואָס דער כאַליף האָט מיט איהם אַמאָל מלחמה געהאַלטען און נאָכדעם האָבען זיי שלום געמאַכט און פון דאַמאָלס אָן פאַרבליבען אוהבים נאמנים. און דאָס איז גע־ווען גאָט'ס שטראָף קעגען כאַליף דערפאַר, וואָס ער האָט זיך דער־וועגט צו פאַרשוועכען די הייליגקייט פון דוד המלך'ס קבר און אַריינ־צוקוקען אין אָרט, וואו עס ליגט זיין געביין.

---

**הר הזיתים** (האר האזעיסים)—דער בארג פון איילבערטען (**Mount of Olives**), א געוויסער בארג אין ירושלים, ניט ווייט פון דעם ארט פון בית המקדש. **כליף** (קאליף)—א מאהמעדאנישער הערשער. **טשיקאַווע**—נייגעריג, **curious**. **ראַנד**—ברעג. **דאַמף**—א פאר, גאז, **vapor**. **שייד**—די לאנגע מעטאלענע כלי, איז וועלכער מען האלט א שווערד. **שטיל**—דאס הענטעל. **מתנה** (מאטאנע)—א געשאנק, א פרע־זענט; מעהרצאהל—**מתנות** (מאטאנעס). **שלום** (שאלעם)—פרידען, דאס פאר־קערטע פון מלחמה. **אוהבים נאמנים** (עיהאווים נעמאנים)—געטרייע, גוטע פריינט. **געביין**—ביינער, די רעשט, וואס בלייבט פון א מענשען נאך זיין טויט.

איז דער כאַליף געוואָרען זעהר אין כעס און אַ פאַרציטערטער האָט ער געזאָגט: „איך געה פון דאַנען ניט אַוועק, וואו איך קריג ניט צוריק מיין שווערד! אָהן מיין שווערד קען איך זיך פאַר מיין גוטען פריינט דעם קיניג ניט ווייזען. עס מעג דונערען און בליצען, די וועלט מעג זיך דאָ איבערקערען און מיין שווערד זאָל מיר זיין!"

און ער האָט געהייסען און מען האָט געבראַכט שטריק און מען האָט אויף זיי אַראָפּגעלאָזט דעם ערשטען פון זיינע דינער, ער זאָל אויפהויבען דעם כאַליפ'ס שווערד און איהם אַרויסברענגען. איז ווי מען האָט איהם נאָר אַראָפּגעלאָזט, איז אַרויס אַקעגען איהם דער פייערדיגער דאַמף און האָט איהם כהרף עין דער'הרג'עט. און אַז די מענשען האָבען געוואַרט און אין קול ואין עונה, האָבען זיי דעם דינער צוריק אַרויפגעצויגען. אָבער ער איז געווען אַ טויטער און דער שווערד איז ניט געווען אין זיינע הענט.

האָט דער כאַליף ווייטער באַפוילען, און מען האָט אַראָפּגעלאָזט אַ צווייטען און מען האָט איהם אויך אַרויסגעצויגען אַ טויטען און קיין שווערד איז אין זיינע הענט ניט געווען און אַזוי אַ דריטען און אַ פערטען און אַ פינפטען.

און אַז דער פינפטער איז אויך אַרויסגעצויגען געוואָרען אַ הרוג, האָבען דעם כאַליף'ס האַרען זיך שוין מעהר ניט געקענט איינהאַלטען, און זיי זיינען פאַר איהם געפאַלען אויף די פנים'ער און זיי האָבען געזאָגט:

— אַדוני מלך! זאָל ניט ברענען דיין גרימצאָרן אויף דיינע קנעכט! די דאָזיגע מענשען האָבען דאָך גאָרנישט ניט געטאָן, און זיי זיינען דאָך אומשולדיג. היינט פאַר וואָס קומט זיי לאָזען אויף אַ זיכערען טויט איינעם נאָך'ן צווייטען, ווער רעדט נאָך, אַז דעם קיניג'ס שווערד ברענגען זיי ערשט ניט אַרויף?!

האָט דער כאַליף געזאָגט צו זיינע האַרען:

---

**כהרף עין** (קעהערעף אאין) — (איז איין פינטעל מיט'ן אויג), איז איין רגע. **אין קול ואין עונה** (עין קאָל וועעין עינע) — (קיין קלאַנג און קיין ענטפער), קיין שום קלאַנג, גאָר ניט צו הערען. **פנים'ער** (פּעניםער) — די מעהרצאהל פון פנים. **גרימצאָרן** — שטאַרקער כעס.

— שטעהט אויף ! איהר זייט גערעכטער פון מיר. דאָס איז אַן אמת. אָבער איך קען פון דעם קבר ניט אָפּטרעטען, וואו איך באַקום ניט צוריק מיין שווערד, ווייל אָהן איהם קען איך אין ער־געץ מיין פּנים ניט ווייזען און מיין לעבען וועט מיר ניט זיין ניחא. איך האָב שוין אַליין אויך קיין אמונה ניט, אַז אויף אַזאַ אופן וועל איך מציל זיין מיין שווערד. אָבער איהר זייט דאָך עפּעס חכמים, טאָ גיט אַן עצה.

האָט זיך אָפּגערופען דער עלטסטער פון דעם כאַליף׳ס האַרען און האָט אַזוי געזאָגט :

— אדוני קיניג ! איך ווייס ווי אַזוי דו קענסט דיין שווערד באַ־קומען. דיינע דינער, די ישמעאלים, זיי וועט טאַקע גאָט הרג׳ענען פאַר אַראָפּלאָזען זיך אין קבר פון מלך דוד. אָבער אין ירושלים זיי־נען פאַראַן אַנדערע מענשען, און זיי וועלען האָבען חן ביי גאָט אין הימעל און ביים מלך, וואָס רוהט דאָ אונטען. די דאָזיגע מענשען זיינען די אידען און דוד המלך וועט זיי קיין בעז ניט טאָן, וואָרים אַזוי ווי ער איז ביים לעבען געווען דער היטער פון ישראל, אַזוי איז ער אַוודאי אויך נאָך זיין טויט. שיק נאָך די אידען און זיי וועלען דיר דיין שווערד אַרויסברענגען. זייער באַגרעבעניש־אָרט, זייער מלך, דאַרפען זיי אויך קענען דעם שווערד אַרויסברענגען.

האָט דער כאַליף זיך אָפּגערופען צום האַר און געזאָגט :

— אַ גוטע עצה האָסטו מיר געגעבען ! ביזט גערעכט ! אָן די אידען האָב איך גאָר פאַרגעסען.

און ער האָט געשיקט נאָך׳ן אב בית דין און דעם ראש הקהל און אַנדערע טובי העיר און ער האָט זיי געזאָגט אַזוי און אַזוי: „איהר זאָלט וויסען זיין, אַז ווען איך האָב מיך אָנגעבויגען איבער׳ן קבר פון קיניג דוד, האָט זיך מיין גאָלדענער שווערד, וואָס איז מיין

---

**ניחא** (ניכע)—ליב. **אמונה** (עמונע)—גלויבען. **אופן** (עיפּן)—שטייגער.— **מציל** (מאַציל) **זיין**—אַרויסראַטעווען, ראַטעווען. **ישמעאלים** (אישמעעלים)— אראַבער, טערקען. **חן** (כעין) — ליבשאַפט, לייטזעליגקייט, אַ ליבע שענקייט, grace. **חן האָבען**—געפעלען. **ראש הקהל** (ראָש האַקאָהאָל) — דער עלס־טער, דער פאָרשטעהער פון דער קהלה. **טובי העיר** (טואווע האָאיר)—די שענסטע (די בעסטע) לייט פון שטאָט.

טייערסטע מתנה, אַרויסגעגליטשט פון זיין שייד און פון מיין גאַר־טעל און איז אַראָפּגעפאַלען אויפ׳ן דעק פון קבר. און מען האָט שוין אַראָפּגעלאָזט פינף פון מיינע דינער אויף שטריק, און עס איז אַרויס אַ דאַמף מיט אַ פלאַם־פייער און האָט זיי אין איין רגע געטויט. איצט מוזט איהר מיר אומקערען מיין שווערד, וואָרים עס איז אייער מלך און אייער באַגרעבעניש־אָרט. און אויב איהר קערט מיר ניט אום מיין שווערד, זאָלט איהר וויסען זיין, אַז איך וועל אייער גאַנ־צע קהלה מאַכען תחת חרב און איך וועל פון איהר ניט איבערלאָ־זען קיין איין לעבעדיגען נפש און אין אייער גאַנצער שכונה וועל איך אַ שטיין אויף אַ שטיין ניט איבערלאָזען״.

האָבען דער רב מיט׳ן ראש הקהל מיט די טובי העיר זיך ביטער צעוויינט פון דער גזרה, און זיי האָבען געזאָגט:

— אַדוני קיניג! זעהר אַ שווערען נסיון האָסטו אויף אונז אַרויפגעלעגט. ווערליג מיר ווייסען איז נאָך קיין מענש פון דעם דאָזיגען קבר ניט אַרויס אַ לעבעדיגער. און וואָס איז עס אונזער שולד?

און דער כאַליף איז איבער־אַ־נייס געוואָרען אין כעס און האָט געזאָגט:

— אידען, אייער וויינען און טענה׳ן איז אומזיסט. איך וועל זיך פון דאַנען ניט ריהרען, ביז דער קבר וועט מיר צעריק ניט אָפּגעבען מיין טייערען שווערד. און איך האָב שוין אַראָפּגעלאָזט אין קבר פינף פון מיינע מענשען און עס האָט נישט געהאָלפען, זעה איך דאָך באַשיינפּערליך, אַז מיינע מענשען קענען צום קבר קיין צוטריט ניט האָבען. מוזט איהר אייערע מענשען אין הייהל אַראָפּשיקען און איך בין בטוח, אַז איהר וועט דאָ מעהר פועל׳ן פון מיר, וואָרים דער וואָס רוהט דאָ איז דאָך געוועזן אייער קיניג. איצט לאָז איך

---

**תחת חרב** (טאַכאַס כערעוו) — (אונטער׳ן שווערד) וויסט; **מאַכען תחת חרב** — פאַרוויסטען, אויס׳הרג׳ענען. **שכונה** (שעכונע) — קוואַרטאַל. **נסיון** (ניסאַיען) — פּראָבע, אויספּרוואוואונג, אַ שווערע אויפגאַבע, **ordeal**. מעהר־צאָהל — **נסיונות** (ניסיעינעס). **באַשיינפּערליך** — קלאָר, צו זעהן ממש מיט די אויגען. **בטוח** (באָטואַך) — זיכער. **פועל׳ן** (פּעיעלן) — אויפטאָן, אויספיהרען.

איבער צו אייך די ברירה: אָדער איהר קריגט מיר אַרויס מיין שווערד אָדער אייער קהלה ווערט אָפּגעמעקט ווערען פון פנים פון דער ערד.

האָט דער אב בית דין און דער ראש הקהל מיט די טובי העיר נאָכמעהר געוויינט און זיי האָבען געזאָגט:

— אדוני קיניג! גיב אונז דריי טעג צייט אויף צו באַקלערען, וואָס מיר זאָלען טאָן און צוגרייטען זיך פאַר דער מורא'דיגער זאַך.

איז דער כאַליף מרוצה געוואָרען, און ער האָט אָפּגעשטעלט אַ וואָך, זי זאָל דערוויל היטען דעם קבר און ער און זיינע לייט זיינען אַוועק צעריק אין שטאָט און די אידען זיינען מיט זעהר באַטריבטע געמיטער אַוועק אין זייער קוואַרטאַל.

און אַז זיי זיינען געקומען אין דעם אידישען טייל שטאָט, האָבען זיי די גאַנצע קהלה געשיקט רופען אין שוהל אַריין, און אַז אַלע זיינען געקומען, האָבען זיי מיט גרויס געוויין דערצעהלט, וואָס דער כאַליף האָט אויף זיי גוזר געווען און וואָס פאַר אַ מורא'דיגע סכנה עס שוועבט איבער זייערע קעפּ. איז די שוהל פול געוואָרען מיט אַזאַ געוויין און יללה, אַז אַ שטיין האָט געקענט צעגאַסען ווערן און די ביטערע קולות האָבען געגרייכט עד לב השמים. האָט דער אב בית דין גוזר תענית געווען און געהייסען אַלעמען געהן אַהיים זיך אויס-רוהען און קומען מאָרגען אין שוהל אַ גאַנצען טאָג תהלים און סליחות זאָגען, און ער און דער ראש הקהל און די טובי העיר זיינען געבלי-בען אין שוהל קלערען וואָס טוט מען.

און אין דער ירושלים'ער שוהל איז געווען אַ שמש און אַלע האָ-בען איהם געקענט, אָבער קיינער האָט איהם ניט געהאַלטען פאַר אַנדערש פון די אַנדערע אידען און קיינער האָט אויף איהם ניט גע-לעגט מעהר כבוד ווי אויף אַנדערע, וואָרים קיינער האָט קיינמאָל ניט געזעהן, אַז ער זאָל לערנען תורה מעהר איידער אַנדערע אָדער,

---

**ברירה** (בערעירע)—אויסוואהל, די מעגליכקייט אויסצוקלייבעז, choice, alternative. **מרוצה** (מערוצע) **ווערן**—איינשטימעז, איינוויליגעז. **עד לב השמים** (אד לעוו הא-שאמאאים)—ביז צום סאמע הימעל. **סליחות** (סעליכעס)—אזעלכע געבעטעז, וואס מעז זאגט אין א תענית. **לעגען כבוד**—רעספעקטירעז.

אַז ער זאָל זיין פרימער פאַר אַנדערע. און אַ שטילער מענש איז ער געוועזן און ער האָט זיך קיינמאָל ניט גערוקט מיט זיין דעה מכח קהל'שע זאַכען, נאָר ער האָט שטיל, ווי אַ געלערנטע טויב, דערפילט די שליחות'ען פון די גבאים פון שוהל.

אָט אַזוי האָבען די ירושלים'ער אידען זייער שמש געזעהן און געקענט. טיפער אָבער פאַר דעם מענשען זעהט גאָט ברוך הוא און דעם גאַנצען אמת ווייס נאָר ער. און גאָט ברוך הוא האָט אויסגעקליבען, אַז דער דאָזיגער שמש זאָל זיין איינער פון די ל"ו צדיקים, וואָס אויף זיי שטעהט די וועלט און וואָס דער פאָטער פון דער וועלט האָט אין זיין גרויס גענאָד אָנגעגרייט, אַז אין דער צייט פון אַ גזרה זאָלען זיי ברענגען די ישועה. און דער באַהאַלטענער צדיק האָט געדינט גאָט מיט'ן גאַנצען האַרצען און זיין ליבשאַפט צום פאָלק ישראל איז געוועזן אַזוי גרויס, אַז ער איז צו יעדער צייט גאָר אָהן אַ שום איבערקלער געוועזן גרייט פאַר דער אידישער אומה זיך מוסר נפש צו זיין און קיין זאַך איז איהם ניט געוועזן צו גרויס אָדער צו שווער כדי מקדש צו זיין דעם נאָמען פון דעם בורא עולם און דער כנסת ישראל.

איז ווי דער שמש האָט דערהערט, וואָס עס האָט געטראָפען, איז ער געלאָפען און זיך טובל געוועזן אַ סך מאָל און ער האָט זיך אָוועקגעזעצט פאַסטען און ער איז אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפען, נאָר באַהאַלטענערהייד געזאָגט תהלים און געלערנט תורה. און אויף מאָרגען, אַז אַלע זיינען פאַריאָמערטע געקומען אין שוהל, איז דער שמש שטילערהייד צוגעגאַנגען צום אב בית דין און איהם מודיע געוועזן, אַז

---

דעה (דעיע)—מיינונג, voice. שליחות'ן—מעהרצאהל פון שליחות. גבאים (גאַבאַים)—פיהרער, elders, trustees. איינצאהל—גבאי (גאַבאַי). אומה (אומע)—פאָלק. מוסר נפש (מויסער נעפעש) זיין—שטעלען דאָס לעבען אין געפאַהר, דאָס לעבען אָפּגעבען. מקדש (מעקאַדעש) זיין—הייליגען. בורא עולם (בוירע עילאָם)—דער באַשעפער פון דער וועלט, גאָט. כנסת ישראל (קענעסעס איסראָעל)—דאָס אידישע פאָלק (איינע פון די ליבלינג-נעמען פון דער אידישער נאַציאָן). טובל (טעיוול) זיין—אָפּטונקען (אין קוועליג וואַסער פון רעליגיעזער ריינקייט וועגען). מודיע (מעידיע) זיין—געבען צו וויסען.

ער איז גרייט אָראָפּצולאָזען זיך אין קבר אריין נאָך דעם כאַליפ׳ס שווערד.

איז דער אב בית דין אַ פאַרציטערטער געוואָרען און ער האָט אַ פּאַטש געטאָן אין באַלעמער און אַז עס איז געוואָרען שטיל, האָט ער אויסגערופען:

— עדה קדושה! איהר הערט, וואָס איז געשעהן? איהר זאָלט וויסען זיין, אַז אונזער שמש איז גרייט זיך מוסר נפש זיין און זיך אַראָפּלאָזען נאָך׳ן כאַליף׳ס שווערד אין קבר אריין!

אַ טויטע שטילקייט איז אַלעמען באַפאַלען און אַלע זיינען גע־וואָרען ווייס ווי קאַלך און האָבען מויל און אויערען צעעפּענט אין גרויס פאַרוואונדערונג.

האָט זיך דער אב בית דין געקערט צום שמש און געזאָגט:

— און ווייסטו, מיין זוהן, וואָס דאָס באַטייט? ווייסטו, אַז דאָס באַטייט געהן אויף אַ זיכערען טויט?

— איך ווייס — האָט דער שמש שטיל געענטפערט — נאָר איך האָף צום בורא עולם און צום נעים זמירות ישראל.

און דער אב בית דין האָט דעם שמש נאָך אַ ביסעל געפּרואווט אָפּרעדען, אָבער ער האָט באַלד דערזעהן, אַז מען קען איהם אַזוי ריהרען פון זיין דעה, ווי מען קען ריהרען די גרויסע פעלזען וואָס ביים ברעג ים. האָט ער געזאָגט דער קהלה, אַז אַזוי מוז עס בלייבען: דער שמש וועט זיך אַראָפּלאָזען אין דוד המלך׳ס קבר פאַר׳ן שליח פון דער קהלה קדושה אום אויפצוהויבען דעם כאַליפ׳ס שווערד, און אַלע אידען זאָלען ווייטער פאַסטען און גאָט בעטען פאַר׳ן שמש ביז צום דריטען טאָג.

און אַז די אָפּגעשטעלטע צייט איז געקומען, איז דער אב בית דין מיט׳ן ראש הקהל מיט די טובי העיר מיט דער גאַנצער קהלה אַוועק צום קבר. און דער שמש, אַנגעטאָן אין אַ טלית און קיטעל,

---

**באַלעמער** — די בימה. **עדה** (עידע) — קהלה. **נעים זמירות ישראל** (נעאים זעמירעס איסראעל) — (דער זיסער זינגער פון ישראל), דוד המלך, וואָס צו איהם ווערט צוגעשריבען דער תהלים.

איז אויך געגאַנגען מיט זיי. און דער אב בית דין האָט געוואָלט, אַז ער זאָל געהן בראש פון דער גאַנצער מחנה, אָבער ער האָט ניט געוואָלט. נאָר ער איז זיך שטיל געגאַנגען הינטער אַלעמען און ער האָט דעם גאַנצען וועג פאַר זיך עפּעס געטראַכט און זיין פּנים, כאָטש עס איז געווען אויסגעמאָגערט פון פאַסטען, האָט געלויכטען מיט אַ העלער שיין.

און באַלד איז געקומען דער כאַליף מיט זיין סוויטע און ער האָט געפרעגט ביים אב בית דין:




— נו, אידען, די דריי טעג זיינען פאָריבער, וואָס פאַר אַ תשובה ברענגט איהר מיר?

און דער אַלטער גאון האָט געוויזען מיט׳ן פינגער אויפ׳ן שמש אין טלית און קיטעל און האָט זעהר שטיל געזאָגט:

---

בראש (בעראַש)—אַ פריהער, איז פאראוים. מחנה (מאַכנע)—(אַ חיל), אַ סך מענשען צוזאמען, אַ פּראצעסיע. תשובה (טעשואווע)—ענטפער.

— ער... ער איז אונזער שליח אין היילינגען קבר נאָך אַדוני קיניג'ס שווערד.

האָט דער כאַליף אַ קוק געטאָן אויף'ן שמש אַזוי ווי ניט גלויבענ־דיג, נאָר דערזעהענדיג זיין ליכטיג פּנים און זיינע שטראַלענדיגע אויגען, האָט ער זיך אויף אַ טריט אָפּגערוקט אַהינטער און דער ספק איז אַראָפּ פון זיינע ליפּען און ער האָט געזאָגט:

— רעכט! לאָזט איהם אַראָפּ!

האָט דער גאון געזאָגט צום שמש:

— מיין קינד! זאָג וידוי!

האָט אָבער דער למד וואָווניק געזאָגט:

— ניין, רבי! מען דאַרף ניט! איך האָב בטחון!

און מען האָט דעם שמש צוגעבונדען שטריק אונטער די אָרימס און מען האָט איהם אַראָפּגעלאָזט. און אַז מען האָט איהם גענומען אַראָפּלאָזען האָט זיך ביי אַלע אידען פון די העלזער אַרויסגעריסען אַ מורא'דיג געוויין. דער שמש אָבער האָט ניט געוויינט, נאָר ער האָט מיט זעהר אַ פרייליכען קול דריי מאָל אויסגעזונגען, איין מאָל פריי־ליכער פון צווייטען, איינמאָל העכער פון אַנדערן:

— דוד מלך ישראל חי וקים!

און די שטריק האָבען זיך אַראָפּגעלאָזט, און מען האָט איהם שוין ניט געזעהן.

און עס איז אַוועק איין מינוט און נאָך אַ מינוט. און עס איז אַוועק אַ היבשע ווייַלע און מען האָט פון דער טיפער גרוב גאָר ניט געהערט. און אַ טויט־שרעק איז אַלע אידען באַפאַלען און זיי האָבען געמיינט, אַז זייער שמש איז שוין אויך אַזוי גע'הרג'עט געוואָרען אַזוי ווי דעם כאַליפ'ס דינער און זיי האָבען ביי זיך געטראַכט, וואָס

---

**ספק** (סאַפעיק) — צווייפעל, ניט זיכערקייט. **רעכט** — גוט. **וידוי** (ווידוי) — דאָס לעצטע געבעט פאַר'ן טויט, וואו מען איז זיך מודה אויף די זינד, **בטחון** (ביטאָכען) — זיכערקייט, פאַרזיכערונג, גלויבען אין גאָט (אַז ער וועט העלפען). **דוד מלך ישראל חי וקים** (דאַוויד מעלעך איסראָעל כאַי וועקאַיאָם) — דוד דער קי־ניג פון ישראל לעבט און איז פאַראַן, (אַן אויסרוף, וואָס געפינט זיך אין סידור).

פאַר אַ גרויסע עברה זיי האָבען געטאָן, גענומען אַן עהרליכען אידען און געשיקט איהם אויף אַ זיכערען טויט.

פלוצים האָבען די, וואָס האָבען געהאַלטען די שטריק, פון דער טיפעניש פון קבר דערהערט אַ געשריי:

— ציהט מיך אַרויף!

און אַז זיי האָבען איהם אויף גיך אַרויפגעצויגען, האָט דער שמש אין טלית און קיטעל ניט נאָר געלעבט, נאָר אין זיין האַנט איז געווען דעם כאַליפ'ס גאָלדערנער און מיט דימענטען־באַזעצטער שווערד.

און אַז דער עולם איז געקומען צו זיך פאַר וואונדער און שמחה, האָט ער דערצעהלט, אַז ווי נאָר ער האָט געגרייכט צום דעק פון הייהל, איז פלוצים דאָרט געוואָרען זעהר ליכטיג, גלייך ווי די זון וואָלט אויף'ן דעק הייהל אויפגעשיינט, און עס האָט זיך באַוויזען אַ זקן מיט גרויע האָר און אַ גרויער באָרד נאָר מיט פרישע באַקען און קלאָרע ליכטיגע אויגען און אָנגעטאָן ווי אַן איש מלחמה. און די גע־שטאַלט האָט דעם שמש דערלאַנגט דעם שווערד און געזאָגט:

— געה, מיין קינד, אויבען! גיב אָפּ צום כאַליף זיין שווערד און טו אָפּ דעם טרויער פון מיין פאָלק!

און תוך כדי דבור איז די זון פאַרלאָשען געוואָרען און די גע־שטאַלט, וואָס איז געווען דוד המלך, איז ניט געוואָרען. און דענסט־מאָל האָט ער עם גערופען, אַז מען זאָל איהם אַרויסציהען.

און דער כאַליף האָט זיך זעהר דערפרייט מיט זיין שווערד און ער האָט די אידען געשענקט זייערע צינז אויף דריי יאָהר און ער האָט מיט זיי געטאָן נאָך אַ סך חסדים. און די אידען זיינען מיט שמחה צעריק אַוועק אין שטאָט.

נאָר אַז זיי זיינען געקומען אין שטאָט און גענומען זוכען דעם שמש, האָבען זיי זיך ערשט אַרומגעזעהן, אַז ער איז ניטאָ.

---

עברה (אוועירע)—זינד. זקן (זאקן)—אַלטער מאַן. איש מלחמה—אַ סאָלדאַט, אַ קריגער. תוך כדי דבור (טאָך קעדעי דיבער)—באַלד אויף די ווערטער, די אייגענע רגע.

און ער האָט זיך שוין מעהר פאַר זיי ניט געוויזען. וואָרים אַזוי זיינען זיי, די למד'וואָוו'ניקעס, זיי געפינען זיך נאָר דאָרט, וואו מען ווייס ניט, ווער זיי זיינען.

---

די אויביגע געשיכטע איז אַן עטוואָס אויסגעבריטעטע און פרייע באַאַר־ביימונג פון אַ פאָלקס־מעשה'לע, וואָס געפינט זיך צווישען אַלטע און נייע מעשות וועגען ארץ ישראל און איהרע הייליגע ערטער. ביים באַארבייטען די גע־שיכטע האָט זיך דער שרייבער באַנוצט מיט'ן נוסח, וואָס געפינט זיך אין בערדי־טשעווסקי'ס „מאוצר האַגדה“.



# דער סוחר און די געצענדינער

אין דער מדינה פּרס האָט אַמאָל געלעבט אַ איד, אַ גרויסער סוחר, וואָס איז אַרומגעפאָהרען מיט זיינע שיפען מיט סחורות איבער אַלע ימים און לענדער. און דער סוחר איז געווען אַ גאָטספאָרכטיגער און אַ געלערנטער, הן אין תורה, הן אין אַלע שבע חכמות, הן אין אַלע שבעים לשונות. אויך האָט ער געהאַט אַ שטאַרק האַרץ און האָט פאַר קיינעם קיין מורא ניט געהאַט, אחוץ פאַר גאָט ברוך הוא. און טאָמער האָט זיך איהם געמאַכט אַן עת צרה, עפּעס אַן אומגליק, צי אַ סכנה, האָט איהם תמיד גאָט אַריינגעגעבען אַ גוטע מחשבה, ווי אַזוי פון דער סכנה ניצול צו ווערן, און מיט גאָט'ס הילף איז ער בשלום דורכגעגאַנגען די געפעהרליכסטע ערטער און צווישען די שרעקליכסטע מענשען. ער איז שוין געווען אין אינדיע צווישען די כשוף־מאַכער און אין אַפריקע צווישען די מענשען־פרעסער, און איינ־מאָל האָט מען איהם שוין געווען געפאַנגען און פאַרקויפט פאַר אַ קנעכט, אָבער מיט זיינע קלוגע איינפאַלען איז ער שטענדיג אַרויס פריי.

---

**געצענדינער**—איינער וואָס דינט צו אן אפּגאָט אדער געץ, **idolator**. **גאָטס־פאָרכטיג**—האָט מורא פאַר גאָט, איז פרום. **הן** (העין)—סאַי ; **הן — הן**—סאַי אין דעם און סאַי אין יענעם. **שבע חכמות** (שעווא כאָכמעס)—(די זיבען חכמות), אַלע וויסענשאַפטען, די גאַנצע געלערנטקייט, וואָס איז פאַראַן אויף דער וועלט. **שבעים לשונות** (שיווים לעשוינעס)—די זיבעציג שפּראַכען פון דער וועלט (ווערליג אַ פאַרצייטיגען אידישען באַגריף זיינען אויף דער וועלט פאַראַן נאָר זיבעציג שפּראַכען און נאָר זיבען וויסענשאַפטען). **ניצול ווערן**—אַרויסראַטעווען זיך. **בשלום** (בעשאָלעם)—גאַנץ, ניט געשעדיגט.

ויהי היום, איז דער סוחר אַרויסגעפאָהרען מיט זיין שיף אין ים אַריין, און דער אָקרענט איז געווען אָנגעלאָדען מיט כל טוב, מיט די טייערסטע אַנטיקען פון דער מדינת פרס. און געוואָלט האָט ער דאָס מאָל אָנציהען גאָר אין אַ נייע מדינה, האָט ער גענומען מיט זיך פיעל רודערער און קנעכט. אָבער דער וועג איז געווען אַ נייער און אַ שווערער. אַלע ווייַלע פלעגען פון ים אַרויסטאַרטשען שפּיצען פון מורא'דיגע פעלזען און דער אָקרענט איז שיער ניט צעקלאַפּט געוואָרען אויף שפּענער. אויך איז אין יענע קאַנטען געווען אַ מורא'דיגע קעלט, אַזש ביי די מאַטראָזען זיינען שיער ניט אָפּגעפראָרען די פינגער.

האָבען זיך די רודערער מיט די קנעכט דערשראָקען פאַר דער מורא'דיגער נסיעה און זיי האָבען געזאָגט צום סוחר: „לאָ'מיר פאַרקירעווען די שיף און פאָהרען צוריק אַהיים". האָט ער ניט געוואָלט צוהערען צו זייער קול, און געזאָגט: „אַ גוטער מאַטראָז דאַרף קיין מורא ניט האָבען פאַר'ן ים און בעזען וועטער און אַ סוחר, וואָס שטעלט ניט איין, נעמט גאָרנישט ניט אַרויס". האָבען די רודערער מיט די דינער דערזעהן, אַז זיי קענען מיט איהם גאָרנישט ניט מאַכען, האָבען זיי געמאַכט אַ בונט, אַריינצוּוואַרפען איהם אין ים אַריין, און זיי האָבען זיך וועגען דעם כסדר געשושקעט איינער מיט'ן צווייטען און. נאָר געוואַרט אויף אַ פּאַסיגער ווייַלע צו קענען דערפילען זייער שלעכטע מחשבה. אַבער דער קלוגער סוחר האָט פאַרשטאַנען, אַז זיי טראַכטען אויף איהם שלעכטס, האָט ער זיך געהיט פון זיי. דערווייַלע האָבען די רודערער דערזעהן פון וויטען עפּעס אַ זאַך, וואָס האָט אויסגעקוקט ווי אַ שטיק יבשה, האָבען זיי אויסגערופען:

---

אָקרענט—אַ גרויסע שיף. כל טוב (קאָל טואוו)—אַל־דאָס־גוטס, אַלע בעסטע זאַכען אָדער סחורות (סעכעירעס). אַנטיק—אַ זעלטענע זאַך, זעהר אַ טייערער פּראָדוקט, וואָס געפינט זיך נאָר אין ווייניג ערטער. רודערער—מאַטראָזען, oarsmen. אַרויסטאַרטשען—אַרויסשטעקען. פעלזען—rocks. קאַנטען—געגענדען. נסיעה (נעסיע)—רייזע. איינשטעלען—ריזיקירען. בונט—פאַרשווערונג, פאַראייניגונג, אַ רעבעליאָן. שושקען זיך—רעדען אין דער שטיל אַזוי ווי אַ סוד.

„אַ וויספּע! אַ וויספּע!״ און זיי האָבען ביי זייער קאַפּיטאַן, דעם בעל הבית, ניט געפרעגט און מיט זייערע רודערס און שטאַנגען האָבען זיי גענומען קירעווען די שיף צו דעם דאָזיגען אָרט, און אַז זיי זיינען צו איהם צוגעקומען, זיינען זיי אַראָפּגעשפּרונגען פון שיף און צעלעגט אַ גרוים פייער און זיך גענומען וואַרימען. אָבער דער געלערנטער קאַפּיטאַן האָט פון שיף קיין פוס ניט אַראָפּגעשטעלט. און ס'איז געווען, ווי נאָר די פלאַם איז אַרויף, איז דעם לויתן (וואָרים ער איז עס געווען, וואָס די מענשען האָבען אָנגענומען פאַר אַן אינזעל) געוואָרען היים אין זייט, האָט ער זיך דערלאַנגט אַ קער אויף דער צווייטער זייט, זיינען אַלע מאַטראָזען מיט די דינער אַריינגעפאַלען אין וואַסער, און דער סוחר, וואָס האָט געוואוסט פון חכמת הגעאָגראַפיע, אַז די וויספּע איז ניט געשטויגען און ניט געפלויגען, איז זיך אַוועקגעשוואומען ווייטער. און ער איז אָפּגעשוואומען איינער אַליין אַ גאַנצען חודש נאָכאַנאַנד, ביז ס'איז ביי איהם אויסגעגאַנגען די שפּייז און ער האָט אָנגעהויבען הונגערן. און דאָס מאָל האָט זיך דער קלוגער סוחר קיין עצה ניט געקענט געבען.

אָבער גאָט פאַרלאָזט ניט דעם גאָטספאָרכטיגען. פּלוצים, ווי די שיף געהט אַזוי, און דער קאַפּיטאַן שטעהט ביים פאָדערשטען רודער, ערשט ער דערזעהט אַ לאָגעל שווימט אויבען־אויף אויפ'ן וואַסער. האָט ער אַראָפּגעלאָזט אַ האַקען, פאַרטשעפּעט דעם לאָגעל און איהם אַריינגענומען אין אָקרענט. און אין לאָגעל זיינען געווען זעלטענע פּירות, וואָס דער סוחר האָט זיי ניט געזעהן ניט פאַר דעם ניט נאָכדעם, האָט ער פון זיי געגעסען, האָבען זיי געהאַט אַ טעם גן עדן, און זיי זיינען געווען אויף זיין גומען אי אָנשטאָט עסען, אי אָנשטאָט

---

**וויספּע**—אַן אינזעל. **רודער**—וועסלע, **oar**. **שטאַנג**—אַ לאַנג, דיז האָלץ, **pole**. **חכמות** (כאָכמעס)—וויסענשאַפטען. **ניט געשטויגען און ניט געפלויגען**—איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ, הויבט זיך גאָר ניט אָן. **לאָגעל**—אַ קריגעל אָדער פלאַש געמאַכט פון אַ פענכער **bladder**. **האַקען**—**hook**. **גן עדן** (גאַן עידען)—דער טייערער גאָרטען, וואו גאָט האָט די ערשטע מענשען באַזעצט איידער זיי האָבען געזינדיגט; דאָס העכסטע פאַרגעניגען אָדער גליק. **טעם** (טאַאַם)—אַ געשמאַק; **טעם גן עדן**—דעם זיסטען טעם.

טרינקען. און אַז דער סוחר איז שוין געווען אי זאַט, אי אָנגע־טרונקען, האָט ער דערזעהן, אַז אין לאָגעל אויף'ן דעק איז נאָך עפּעס געבליבען, נעמט ער אַרויס, ערשט דאָס איז אַ געשליפענע שפּאַקטיווע, די טייערסטע אין דער וועלט. און אַז ער האָט די שפּאַקטיווע אָנגעשטעלט און צוגעלעגט זי צו די אויגען, איז איהם אַזוי ליכטיג געוואָרען, אַז ער האָט געקענט זעהן פאַר הונ־דערטער מיילען. האָט ער גענומען קוקען אין שפּאַקטיווע און אויס־זעהן, וואו צו פאָהרען, האָט ער דערזעהן, אַז צו מזרח־זייט, אַ מהלך פון צוויי הונדערט מייל, איז אַ שיף מיט ים־גזלנים, וואָס אין יענע צייטען, אַז זיי פלעגען כאַפּען אַ שיף, איז זיי וועניג געווען די רייזענדע צו באַרויבען, נאָר זיי האָבען זיי נאָך פאַרקויפט צו די מענ־שען־פרעסער. האָט ער זיך אַ קער געטאָן צו מערב־צו, האָט ער דער־זעהן, אַז דאָרט אַ מהלך פון דריי הונדערט מייל געפינט זיך דער גיהנום. אין צפון־זייט האָט ער דערזעהן, ווי דער שר של ים שטרעקט קעגען איהם אויס זיין צונג און עס שפּריצט פון איהם אַ גיפטיגער שוים. אָבער צו דרום־זייט איז געווען אַן אומבאַקאַנטער אינזעל, וואָס איז אַרומגעשלאָסען מיט אייזערנע מויערן. און דער סוחר האָט פאַר־קירעוועט זיין שיף אין יענער זייט און געזאָגט צו זיך: זאָל זיין וואָס עס וויל זיך, איך מוז אַרויף אויף'ן אינזעל. און ער האָט גערודערט זיבען טעג מיט זיבען נעכט און איז געקומען צום ברעג. אָבער די אייזערנע ווענט האָבען דעם אינזעל אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען און קיינער קומט ניט אַריין און קיינער געהט ניט אַרויס.

און דער סוחר האָט אַרומגערינגעלט דעם אינזעל דריי טעג מיט דריי נעכט, און האָט אַלץ ניט געפונען קיין וועג ווי אַריינצוקומען. און אויף'ן אינזעל איז געווען עפּעס אַ מין כישוף: ביי טאָג האָט זיך פון איהם געהערט אַ געדיכטע ברומעריי ווי פון אַ גרויסער שטאָט, און ביינאַכט איז דאָרט געווען אַ טויטע שטילקייט. אויף יענער זייט וואַנט זיינען געווען גרויסע מויערן פון געהאַקטע שטיינער און הויכע

מהלך (מאַהאַלאַך)—די ווייטקייט. מזרח (מיזראַך)—east. ים־גזלנים (יאַם־גאַז־לאַנים)—ים־רויבער, pirates. מערב (מאַירעוו)—west. גיהנום (געהענעם)—hell. צפון (צאַפוּן)—north. דרום (דאַרעם)—south. מויער—אַ שטיינערנע וואַנט, אַ שטיינערנע געביידע.

טורעמס, איז דאָך אַ סימן אַז עם וואוינען דאָרט מענשען: אָבער ווי קען עס זיין, אַז מענשען זאָלען גאָר ניט האָבען קיין צובונד צו אַנדערע מענשען און זאָלען זיין אינגאַנצען אָפּגעשלאָסען פון דער איבעריגער וועלט? פלוצים, ווי ער וואונדערט זיך אַזוי און הויבט שוין אָן קלע־רען וועגען אָפּשווימען צוריק, ערשט אַ גרויסע שיף קומט אָן אַקע־גען איהם און עם זיצען אויף איהר ריזען מיט אייזערנע קיווערם אויף זייערע קעפּ. און זיי קומען צו איהם צו און זיי פרעגען: „ווער ביסטו? פון וואַנען קומסטו? און ווער האָט דיך געבראַכט אַהער־צו?" און ער האָט זיך צו זיי אָפּגערופען: „איך בין אַ איד פון דער מדינה פרס און איך שווים אַרום מיט מיין סחורה אויפ'ן ים." זאָ־גען צו איהם די ריזען: „קום, וואוין ביי אונז". פרעגט ער ביי זיי: „אייער לאַנד איז ווייט פון דאַנען?" און זיי האָבען גע־ענטפערט: „אַט דער אינזעל, דאָס איז דאָך אונזער לאַנד". און דער סוחר איז געוועזען זעהר טשיקאַווע צו וויסען, וואָס פאַר אַ אינזעל דאָס איז, וואָס פאַר אַ מענשען וואוינען אויף איהם און וועלכע פיהרונגען זיי האָבען, איז ער מרוצה געוואָרען און געזאָגט צו די ריזען: „גוט, איך וועל טאָן ווי איהר ווילט".

זיינען זיי אַרויף אויף'ן ברעג, און זיי האָבען פאַראַנקערט זייער אָקרענט און אויסגעלאָדען זייערע משאות און געבלאָזען אין אַ האָרן. איז ווי נאָר זיי האָבען געבלאָזען אין האָרן, האָט זיך טיף אין דער ערד אויפגעעפענט אַ הייהל, זיינען זיי אין איהר אַריין און דער סוחר מיט זיי. און אַנדערהאַלבען שעה זיינען זיי געגאַנגען מיט'ן הייהל און אַרויף אויף טרעפּ, ביז זיי האָבען זיך באַוויזען אויף'ן אינזעל. און אַ סך מענשען זיינען געקומען און זיי מקבל פנים געווען מיט טאַצען און מיט טרומייטען און זיי איבער זייערע שענע גאַסען אָפּגעפיהרט אַהיים. און דעם סוחר האָבען זיי געבראַכט אין אַ שענער אַכסניא. און דער סוחר איז געזעסען לעבען פענסטער פון זיין אכסניא

---

**סחורה** (סעכוירע)—**goods, ware**. **טשיקאַווע**—נייגעריג, **curious**. **משאות** (מאַסעס)—**loads**; **משא** (מאַסע)—איינצאהל פון **משאות**. **מקבל פנים** (מעקאַבעל פּאַנים) **זיין**—באַגעגענען (מיט פּאַראַד). **אכסניא** (אַכסאַניע)—אַ גאַסט־הויז, אַ איינ־פאַהר־הויז.

און זיך ניט געקענט אָפּוואונדערן: ער האָט נאָך אַזעלכע שענע גאַסען ניט געזעהן פון זיין לעבענס־טאָג. און די מאַנסביל זיינען דאָ הויכע, און די ווייבער קליינינקע, און אַלע זיינען איינגעוויקעלט אין ווייסע קליידער און אויף זייערע קעפּ טראָגען זיי הויכע היטלען און אין די היטלען זיינען אָדלערשע פעדערן. פּריצים ווערען געטראָ־גען אין שטולען אויף די אַקסלען פון זייערע קנעכט, און אַז אַ גע־מיינער מענש באַגעגענט אַ פּירשט ציהט ער זיך פאַר איהם אוים אויף דער ערד און יענער טרעט אַריבער איבער זיין רוקען.




און וואָס ווייטער דער סוחר קוקט זיך צו צו די פיהרונגען אויף'ן אינזעל, אַלץ מעהר מאָדנע, מעהר משונה, קומען זיי איהם פאָר, און פיעל פון זיי זיינען זעהר ווילד און פיעל גאָר אַנטיק. די הייזער זיינען אָהן שטולען און אָהן בענק און זיצען זיצט מען אויף טייערע דיוואַנען. ביינאַכט צינדט מען ניט אָן קיין ליכט, וואָרים עס לייכט זיי אַ שטערן פון הימעל. און קיין געלט איז ביי זיי ניטאָ און זיי ווייסען גאָר פון געלט ניט, נאָר אַז איינער דאַרף עפּעס האָבען בייט ער זיך מיט'ן צוויי-

פּירשט—אַ פּרינץ. אַנטיק—זעהר גוט. דיוואַן—טעפּיך, קאָווער, **carpet, rug.**

מען אַ זאַך אויף אַ זאַך. קיין זאַלץ נוצען זיי ניט און אַז איינער גיט עס נאָר אַ לעק, מוז מען איהם דערפאַר טויטען. און זיי ווייסען ניט, ניט פון קיין שבת און ניט פון קיין יום טוב, ניט פון אַ כתב און ניט פון ספרים און מען געהט ניט אין קיין חדר. נאָר איין זאַך לערנט מען און דאָס אַלעמען גלייך, סאַי זכרים, סאַי נקבות — ווי צו געהן אויף מלחמה, און אַלע זיינען גוטע בויגען־שיסער. קיין פּיה האָבען זיי ניט אַחוץ ציגען, אי דאָס זיינען זיי שטאַרק פאַרענדערט פון די געוועהנליכע ציגען, מיט דריי הערנער אַנשטאַט צוויי און פלינק זיינען זיי ווי די הירשען. און עס זיינען ביי זיי ניטאָ ניט קיין פערד, ניט קיין אָקסען און קיין פלייש פאַרזוכען זיי ניט. און זייער איינציגער מאכל איז סמעטענע פון ציגען און זייער איינציגע משקה — דער זאַפט פון בוימער. און געוועלטיגען געוועלטיגט אי־בער'ן אינזעל אַ פרוי, וואָס ווערט אויסגעקליבען פון פאָלק, און דריי ראַטגעבער נזירים זיצען תמיד אַקעגען איהר. און אַז זי שטאַרבט, באַגראָבט מען זיי אינאיינעם מיט איהר, און מען שטעלט אויף זיי אַרויף אַ באַרג שטיינער.

און דער סוחר האָט זיך די גאַנצע צייט געפיהרט ווי אין דער היים, געהיט שבת און יום טוב און אַלע אַנדערע זאַכען, וואָס ער האָט נאָר אין דער מאָדנער מדינה באַוויזען אָפּצוהיטען. און איין מאָל, אין דריי חדשים אַרום, האָט זיך דער סוחר, ווי זיין שטייגער איז געווען, געפּעדערט אין דער פריה צו דאַוונען און צו לערנען, ערשט ער גיט אַ קוק — אויף'ן אינזעל איז עפּעס נייעס: דאָס פאָלק שאַלט און ברומט און קלאַפּט אין די טאַצען. דאָס פאָלק, וואָס איין טאָג איז ביי איהם געווען ווי דער צווייטער, האָט פּלוצים אַ יום טוב. אויף אַלע דעכער און אויף אַלע טורעמס פלאַטערן רויטע פאָהנען, און אַלע מענשען, סאַי הארען, סאַי געמיינע לייט, סאַי מאַנסביל, סאַי

---

**כתב** (קעסאַוו)—געשריפט, שרייבען. **חדר** (כעידער) — א הויז פאר אידישע קינדער צו לערנען תורה און אידישקייט (דער חדר איז א פריוואַט שוהל און דער בעל הבית פון חדר, וואס לערנט מיט די קינדער איז דער רבי). **משקה** (מאַשקע)—געטראַנק. **נזירים**—מאַנסביל, וואָס זיינען אָפּגעשיידט פון פרויען; איינצאהל—**נזיר** (נאַזיר)

ווייבער, סאַי אַלטע לייט, סאַי קינדער זיינען אָנגעטאָן אין רויטען און אַרומגעוויקעלט מיט רויט. פרעגט דער סוחר ביי די מענשען: „וואָס איז ביי אייך היינט פאַר אַ טאָג?" ענטפערן זיי: „מיר האָבען היינט אַ יום טוב צו אונזער גאָט שבתאי, דער גאָט, וואָס לייכט אונז. און איינמאָל אין דריי יאָהר, אַז ער דרעהט זיך אַרום און אַרום דער וועלט און שטעלט זיך איבער אונז און שיינט איבער אונזער קאָפּ, מאַכען מיר אַ יום טוב און מיר רויכערן צו איהם קטורת. און אַט היינט האָט ער זיך צו אונז ווידער אומגעקערט".

רופט זיך צו זיי אָפּ דער סוחר: „שבתאי איז דאָך גאָר אַ שטערן און ניט ער איז גאָט, נאָר גאָט האָט איהם באַשאַפען". איז ווי די מענשען האָבען דאָס דערהערט, האָט געברענט זייער גרימצאָרן און זיי האָבען געשריען: „דער פרעמדער, וואָס איז געקומען וואוינען צווישען אונז, לייקענט אין אונזער גאָט!" און זיי האָבען איהם געכאַפּט און געבראַכט פאַר דער מלכה מיט די נזירים, און זיי האָבען געפרעגט: „וואָס פאַר אַ שטראָף קומט דעם פרעמדען מענשען דערפאַר, וואָס ער שפּאָט פון אונזער גאָט שבתאי?" און דער המון, וואָס האָט זיך אַרומגעקליבען, איז געוואָרען שטאַרק צעהיצט און געשריען: „לאָמיר איהם אויסשטעכען די אויגען און אַ בלינדען צוריק אַרויפזעצען אויף זיין שיף".

רופט זיך אָפּ די מלכה צום עולם: „וואַרט אַ ווײלע! און גיט ניט אַרויס קיין משפט אָנשטאָט מיר." און זי האָט צו איהם גערופען און געזאָגט: „זיי זיך מודה אויף דיינע זינד! ווי אַזוי האָסטו זיך עס געקענט אונטערשטעלען צו לייקענען אין שבתאי'ן, דעם גאָט פון די געטער?!" און דער איד האָט געענטפערט און געזאָגט:

„איך ווייס וואויל, אַז דו ביסט אַ קלוגע קיניגין און דיין האַרץ פאַרשטעהט פאַרבאָרגענע זאַכען און דו ווייסט אויך די פיהרונגען פון אַנדערע אומות. יעטווידעס פאָלק האָט זיך זיין גאָט, זיין שפּראַך

---

**שבתאי** (שאַבסאַאי). **קטורת** (קעטוירעס)—בשמים וואָס מען רויכערט צו אַ גאָט. **מלכה** (מאַלקע)—די קיניגין. **שפּאָטען**—לאַכען. **המון** (האַמוין)—אַ גרויסער, ווילד־אויפגערעגטער עולם, **crowd, mob.** **משפט** (מישפּעט)—אורטייל (געריכט). **אומות** (אומעס)—פעלקער; איינצאָהל—**אומה** (אומע).

און זיין אמונה. אויב שבתאי איז אייער האַר און ער העלפט אייך און באַשיצט אייך, זאָלט איהר אייך דינען צו איהם. אודאי איז דאָך ביי אייך אַזאַ מסורה פון אייערע עלטערן און אייערע אור־אור־עלטערן. אָבער איך קום פון אַ וויט לאַנד און מיין פאָלק איז אויך זעהר וויט פון דאַנען, און אונזער אמונה איז אַנדערש פון אַנדערע פעלקער און אונזער תורה איז גאָט'ס תורה און אין איהר שטעהט געשריבען, אַז גאָט האָט באַשאַפען הימעל און ערד און אַלע חילות פון הימעל און אַלע גרויסע שטערן און אַלע קליינע שטערן. עס איז אמת, די שטערן האָבען אַ גרויסע קראַפט און זיי לייכטען דער ערד מיט אַלע, וואָס וואוינען אויף איהר, אָבער עס איז פאַראַן נאָך איינער העכער פון די אַלע הויכע. אַזוי האָבען אונז געלערנט אונזערע נביאים און אונזערע חכמים פון דור צו דור."

און אַז די מלכה האָט דאָס דערהערט, רופט זי זיך אָפּ:

„אויב ס'איז אמת, אַז אייער גאָט איז נאָך גרעסער פון אונזער גאָט שבתאי, אָט וועלען מיר דיך ברענגען צו איהם פאַר אַ קרבן און זאָל דיין גאָט קומען און דיך אָפּראַטעווען פון אונזערע הענט".

זאָגט דער איד:

„טוט מיט מיר ווי אייך געפעלט. איך וועל אין מיין גאָט ניט לייקענען."

האָט מען אין מיטען מאַרק פאַנאַנדערגעלעגט אַ גרוים פייער און מען האָט איהם גענומען און מען האָט איהם אויסגעטאָן די קליי־דער און אַרומגעבונדען מיט צווייגלעך און אַריינגעוואָרפען אין פייער. און באותו הרגע, ווי נאָר מען האָט איהם געגעבען אַ וואָרף, האָ־בען זיך פלוצים די הימלען פאַרצויגען מיט וואָלקענס און אַ שלאַגס־רעגען האָט אַראָפּגענידערט אויף דער ערד און די פלאַמען זיינען פאַרלאָשען געוואָרען.

זיינען די מענשען שטאַרק פאַרוואונדערט געוואָרען: זינט זיי געדענקען און זינט זייערע עלטערן און אור־עלטערן געדענקען, איז

---

**אמונה** (עמונע)—גלויבען. **מסורה** (מעסוירע)—אַ טראַדיציע, אַ גלויבען, וואָס געהט איבער פון עלטערן צו קינדער. **נביאים**—prophets; איינצאָהל—**נביא** (נאָווי). **דור** (דאָר)—generation. **באותו הרגע** (בעעיסעי האַרעגאַ)—אין דער זעלבער סעקונדע.

אין דעם דאָזיגען יום טוב קיין מאָל קיין רעגען ניט געגאַנגען. און אַלע האָבען זיך אָפּגערופען אין איין קול: „ניט אַנדערש, אַז זיין גאָט איז איהם בייגעשטאַנען!"

און די מלכה האָט באַפוילען, און מען האָט איהם אַרומגע-וואַשען פון דעם אַש און מען האָט איהם אָנגעטאָן טייערע קליידער און געגעבען אַ סך מתנות, גאָלד און זילבער. און מען האָט איהם אַרויפגעזעצט אויף זיין שיף, און מען האָט איהם געזאָגט: „פאָהר דיר געזונטערהייד צוריק אין דיין לאַנד און דין דיר דיין גאָט, אָבער אונז זאָלסטו ניט שטערען אין אונזער אמונה!"

און נאָך דריי יאָהר אומוואַנדערן איבער'ן ים און אַלערליי טרע-פונגען איז ער מיט גרויס עשירות געקומען צוריק אין דער מדינה פרס. און ווי נאָר זיין פוס איז אַרויפגעטראָטען אויף דער יבשה, איז ער געלאָפען אין שוהל און געבענטשט גומל און געדאַנקט גאָט פאַר די חסדים, וואָס ער האָט מיט איהם געטאָן און פאַר די סכּנות, פון וועלכע ער האָט איהם מציל געווען. און ער האָט צעטיילט אַ סך צדקה.

און מעהר קיין נסיעות האָט שוין דער פרומער סוחר ניט גע-מאַכט, אַחוץ איין נסיעה, די לעצטע, אין דער הייליגער שטאָט ירושלים וואו ער איז שוין געבליבען וואוינען און פאַרבראַכט זיי-נע טעג אין לערנען תורה און חכמה און אין דערצעהלען די וואונדער פון גאָט'ס וועלט און די חסדים, וואָס גאָט האָט מיט איהם געטאָן.

---

בײשטעהן—העלפען. עשירות (אשירעס)—רייכקייט. בענטשען גומל (גוימעל)—מאכען א ברכה (בראכע) אזא, וואו מען דאנקט גאט פאר ארויסראטעווען זיך פון א סכנה. צדקה (צעדאקע)—געלט וואס מען גיט ארימעלייט.

---

די אויביגע מעשה איז אַ כאַראַקטעריסטישער בײשפיל פון די אַלטע אידישע רייזע-געשיכטען, וואו דער העלד, אַ איד, פאַרבלאָנדזשעט אין עפּעס אַ פרעמדער

און מאָדנער מדינה און די אומגעוועהנליכע מענשען ווילען איהם הרג'ענען, נאָר דורך זיין אידישקייט ווערט ער געראַטעוועט פון טויט.

ווי דאָ דערצעהלט, איז די געשיכטע אַן עטוואָס פרייע איבערזעצונג פון בערדיטשעווסקי („מאוצר האגדה"), וועלכער האָט זי אַרויסגענומען פון אַן אַלטער אידישער שריפט, וואו זי איז איבערגעגעבען לויט נאָך עלטערע קוועלען.



# די קאַץ און דער ברונים

פאַרצייטען, ווען דער בית המקדש איז נאָך געשטאַנען, איז אין אַ שטאָט אין דער מדינה גליל, אין ארץ ישראל, געווען אַ מיידעל זעהר אַ שענע און אַ געטרייע. און איהר שענקייט האָט געלויכטען ווי די זון, און אַלע האָבען זי גערופען ברורית, וואָס איז דער טייטש — אַ קלאָרע ווי די זון.

און איינמאָל, ווען דאָס מיידעל איז אַלט געווען זיבעצעהן יאָהר, האָט איהר דער פאָטער געהייסען אָנטאָן איהרע שענסטע קליידער און געהן געוואויר ווערן איהר שוועסטער, וואָס האָט געוואוינט מיט איהר מאַן און איהרע קינדער אין אַ נאָהענטער שטאָט. האָט ברורית אַזוי געטאָן און איז אָפּגעווען ביי דער שוועסטער עטליכע טעג און אַז זי האָט זיך מיט איהר גענוג אָנגעפרייט, האָט זי איהר אַרויסגעשיקט אַהיים צו איהר פאָטער.

און ס'איז געווען, אַז ברורית איז געגאַנגען מיט'ן וועג צעריק אין איהר טאַטען'ס הויז, האָט גאָט אַרויסגעצויגען די זון פון איהר פוטער־פאַס, און דער טאָג האָט געברענט ווי אַ קאַלך־אויוועו. איז ברורית געוואָרען דאָרשטיג. האָט זי דערזעהן אַ ברונים אין דער זייט וועג, האָט זי אַהין אָפּגעקערט, אום אָנצוטרינקען זיך. אָבער לעבען ברונים איז געשטאַנען אַ יונג, שען ווי דער טאָג און שטאַרק ווי אַ דעמב, און האָט אָנגעטרונקען זיין פערד. און ווי נאָר ער האָט

---

פוטער־פאַס — א שייד (אין פארצייטיגע אידישע ווערטלאך ווערט פארגעשטעלט, אז גאט האלט די זון אין א שייד). קאַלך־אויוועו — אן אויווען, וואו מען ברענט אויס קאלך (ווערליג אלטע אידישע ווערטלאך האט אזא אויווען די גרעסטע היץ).

דערזעהען דאָס מיידעל, איז ער פאַרוואונדערט געוואָרען פון איהר שענקייט, און ער האָט שוין פון איהר ניט אַראָפּגענומען די אויגען. האָט זיך ברורית פאַרשעמט פאַר זיין קוק און איז אָפּגעטראָטען אָן אַ זייט. האָט דער בחור דערזעהן, אַז דאָס שענע מיידעל קען ניט פאַר־טראָגען זיין קוקען אויף איהר. איז ער אַרויף אויף זיין פערד און איז זיך געריטען זיין וועג. אָבער ער איז געפאָהרען גאַנץ פּאַמעלאַך און אַלע ווײַלע האָט ער אַ קוק געטאָן אַהינטער, אום צום לעצטען



מאָל אָנזעטיגען זיך מיט'ן פרעמדען מיידעל'ס וואונדערליכער שענקייט.

דערזעהענדיג אַז דער ברונים איז לעדיג, איז ברורית צוגעגאַנגען נאָהענט און האָט אויסגעשטרעקט איהר האַנט אָנצונעמען די שטריק פון עמער און אָנצושעפּען וואַסער, אָבער זי האָט זיך שטאַרק אָנגעבויגען, האָט איהר האַנט די שטריק אויסגעמיטען, איהר פוס

---

אויסמיידען—פעהלען, אויסלאזען.

האָט זיך אויסגעגליטשט און זי איז אַריינגעפאַלען אין ברונים. האָט זי אַרויסגעלאָזט אַ מורא'דיג געשריי און דער יונג אויף'ן פערד האָט עס דערהערט, איז ער פייל פון בויגען געקומען צו רייטען צום ברונים און פון דאָרט האָט איהם אַקעגען געשלאָגען אַ זון—דאָס האָט ברורית'עס ליכטיג פנים אַזוי אַרויסגעשיינט פון וואַסער. און דער יונג האָט אַראָפּגעקוקט אינעווייניג, ערשט דאָס מיידעל האַלט זיך קוים אָן מיט איהרע שוואַכע הענט אָן ווענטעל פון ברונים. רופט ער זיך אָפּ צו איהר.

„ווער ביסטו, אַ מענש צי אַ שד'יכע? אפשר ווילסטו מיך גאָר מיט דיין וואונדערליך שען פנים אַריינגאַרען אין דער טיפעניש?

רופט זיך אָפּ ברורית פון ברונים אַרויס:

„אַ מענש בין איך אַזוי ווי דו, אַ טאַטען'ס אַ קינד, איך בעט דיך, ראַטעווע מיך אַרויס!"

און דער יונג האָט ווייטער געזאָגט:

„אויב דו ביסט אַ מענשליכע טאָכטער, צי וועסטו געהערען צו מיר, אַז איך וועל דיך אַרויסנעמען פון ברונים?"

און ברורית האָט געענטפערט:

„דיינע וועל איך זיין אויף אייביג."

און אַז דער בחור האָט דאָס דערהערט, איז ער אַריינגעשפרונגען אין וואַסער און מיט קראַפט זי אַרויסגעטראָגען פון ברונים. און זי האָט איהם דערצעהלט, ווער איהר פאָטער איז און וואו זי נעהט און ער האָט איהר געזאָגט, אַז ער איז חלדי, דער זון פון אַ רייכען און זעהר חשוב'ען דאָרפסמאַן. און אַז אויך ער פאָהרט עס אהיים צו זיין פאָטער. האָבען זיי ביידע פאַרשניטען אַ זיכערהייט, אַז זיי זאָלען געהערען איינס צום צווייטען, און איינס דעם צווייטען זאָל זיין געטריי.

---

**פייל פון בויגען**—שנעל ווי אַ פייל פליהט פון בויגען. **שד'יכע**—אַ פרויי־שד (—שער). **שד**—טייוועל; מעהרצאהל—**שדים** (שעידים). **אַ טאַטען'ס אַ קינד**—אַ בעל הבית'יש (באַלעבאַטיש), אַ לייטיש קינד. **בחור** (באַכער)—אַ דערוואַקסענער יונג, אַ יונגער מענש, וואָס שטעהט שוין אין שידוכים. **חלדי** (כעלדאי). **זיכערהייט**—אפמאַך. **פאַרשניידען אַ זיכערהייט**—שליסען אַן אפמאַך.

זאָגט חלדי:

„זאָל אָט דער ברונים מיט זיין קלאָר־ פינקעלדיג וואַסער זיין אַן עדות צווישען אונז".

זאָגט ברורית:

„רעכט, אָבער איין עדות איז ווייניג. מיר דאַרפען האָבען צוויי עדות."

דערווייל איז פלינק פון וועג געקומען צו שפרינגען אַ ווילדע קאַץ. רופט זיך אָפּ חלדי:

„זאָל די דאָזיגע קאַץ מיט איהרע פלינקע פיס און ברענענדיגע אויגען זיין דער צווייטער עדות צווישען אונז!"

„גוט, אַזוי בלייבט עס", האָט ברורית צופרידען געענטפערט.

און חלדי האָט זי זעהר געבעטען, אַז זי זאָל זיך מיט איהם אַרויפזעצען אויף זיין פערד, וועט ער זי ברענגען צופיהרען אין זיין טאַטען'ס שטוב, וועט זי גלייך ווערן די האַרנטע פון הויז, ווארים חלדי'ס מוטער איז געוועזען טויט.

אָבער ברורית האָט געענטפערט:

„ניין, מיין טייערער, עס איז ניט רעכט אַזוי. מיר זיינען אידישע קינדער און אַזוי פיהרט זיך ניט ביי אידען. איך וועל איצט געהן צו מיר אַהיים און דו וועסט קומען אין הויז פון מיינע עלטערן און דו וועסט מיך פאַר'קנס'ען פאַר גאָט און פאַר לייט, און דענסטמאָל וועסטו מיך שוין נעהמען צו דיר אַהיים און איך וועל שוין מיט דיר קיינמאָל זיך ניט צעשיידען.

און חלדי האָט געענטפערט:

„ווי דו באַפעהלסט, מיין ליבע, אַזוי וועל איך טאָן. אין דריי טעג אַרום קום איך אין דיין פאָטער'ס הויז און ער וועט דיך מיר אָוועקגעבען פאַר אַ ווייב".

און ער האָט זי באַלייט נאָך אַ שטיק וועגס, און זיי האָבען זיך צעשיידט. ברורית איז געקומען אַהיים צו טאַטע־מאַמע און זיי דערצעהלט, וואָס די שוועסטער מאַכט און וואָס עס מאַכט איהר מאַן און איהרע קינדער, אָבער וואָס עס האָט געטראָפען מיט איהר אויף'ן

פאַר'קנס'ען (פאַרקנאַסען)—תנאים (טענאאים) שרייבען, מאַכען פאַר כלה (קאַלע), to betroth.

וועג האָט זי ניט דערצעהלט. ווארים זי האָט געקלערט: הלמאַי זאָל איך עס דערצעהלען? אָט שנעל ווי אַ שאָטען וועלען פאַרגעהן די דריי טעג און מיין אויסדערוועהלטער וועט קומען, וועט ער שוין אַלץ דערצעהלען, וועלען זיי מיך מיט זייער גאַנצען האַרצען צו מיין טייערען אוועקגעבען פאַר אַ ווייב.

אַז דער פרעהליכער חלדי איז געקומען אַהיים, האָט ער באַלד אויסדערצעהלט דעם טאַטען די גאַנצע געשיכטע. אָבער חלדי׳ס טאַטע האָט זיך געטראַכט: אַ אינגעל, ווער ווייס איהם וועמען ער האָט דאָרט געטראָפען אויפ׳ן וועג. און ער רופט זיך צו איהם אָן:

„חלדי, מאַך זיך גרייט אין וועג אַריין. היינט פאָהרען מיר אין דער הויפטשטאָט, אין ירושלים. מיין פריינט, דער פירשט בן ישבעם, מאַכט מאָרגען אַ גרויסען מאָהלצייט לכבוד דעם געבורטסטאָג פון זיין טאָכטער, און מיר זיינען צווישען די פאַרבעטענע געסט״.

און חלדי׳ן איז די זאַך געפעלען, און ער האָט געזאָגט:

„גוט, איך פאָהר מיט, אָבער זאָלסט וויסען, אַז איך קען דאָרט לענגער ניט בלייבען, ווי ביז׳ן דריטען טאָג, און דערנאָך מוז איך זיין ביי מיין כלה״.

און דער פאָטער האָט געענטפערט:

„וואויל, מיין זון, וועסט טאָן ווי דו וועסט וועלען״.

און זיי זיינען אויפגעשטאַנען און געריטען אויף זייערע פערד און זיי זיינען אָנגעקומען אין ירושלים צו בן ישבעם׳ען אין הויף אַריין. און אַז דער פרעהליכער חלדי האָט זיך געלאָזט געהן איבער דער גרויסער שטאָט ירושלים און האָט דערזעהען איהרע רייכע און שענע פאַלאַצען און דערהערט דאָס געזאַנג פון די הייזער פון פרייד, האָט ער זיך ניט געקאָנט אָפּוואונדערן פון דער פראַכט און דער זיסקייט פון דער גרויסער שטאָט. און אַז ער האָט דערזעהען דעם פירשט בן ישבעם׳ס רייכע קאָרידאָרען, שאַליעס און זאַלען און די פאַראַדנע קליידער פון זיינע דינער, איז ער אַרומגעגאַנגען ווי אין חלום,

הלמאַי (האַלעמאַי) — צו וואס? צוליב וואס? ישבעם (יעשאַוואם). מאָהלצייט — אַ סעודה (סודע), אַ פעסט, אַ באַנקעט. הויף — אַ גרויס פירשטליך אדער קיניגליך הויז, court. שאַליע — אַ גרויס, שעז צימער, אַ זאַל. פאַראַדנע — פאַרמאַלנע, גרויסאַרטיגע.

און ער האָט געזאָגט צו זיך אַליין: וואָס טויג מיר מיין טאַטען׳ס גאַנצע עשירות, אַז איך מוז מיין גאַנץ לעבען אַפּוואוינען אין די דערפער אין איינעם מיט די בהמות פון פעלד און אַזוי ווי זיי בלויז וויסען פון עסען און טרינקען און שלאָפען? און וואָס קומט אַרויס מיין טאַטען פון זיין גאַנצע גאָלד מיט זילבער?

ווי ער געהט אַזוי אום און וואונדערט זיך, ערשט דער פירשט בן ישבעם קומט איהם און זיין פאָטער אַקעגען, און ער האָט זיי באַגע־גענט מיט קושען, מיט ליבשאַפט און מיט כבוד און ער האָט פאַר זיי פאָרגעשטעלט זיין טאָכטער מלכה, וואָס פון איהרט וועגען איז עס געווען דער גאַנצער מאָהלצייט, און זי איז געווען אַ הויכע און אַ שענע און איהר טראָט איז געווען פול מיט חן און פירשטלי־כער ווערדע. און איהרע קליידער זיינען געווען פון טייערען ווייסען ליינען, ווי עס האָט זיך געפיהרט ביי אידען פאַרצייטען, אַז קעניג־ליכע און פירשטליכע טעכטער זאָלען טראָגען. און מלכה האָט צו חלדי׳ן און איהר פאָטער פריינטליך געלאַכט און געזאָגט, אַז גע־בענטשט זאָל זיין זייער קומען.

דערווייל איז געוואָרען נאַכט און די דינער האָבען אָנגעצונ־דען ליכט, און די געסט האָבען אַלץ ניט אויפגעהערט צו קומען, ביז אַלע חדרים פון פאַלאַץ זיינען פון זיי פול געווען, און די שאַליעס האָבען געבלישצעט און געפינקעלט מיט טייערען גלאָז, קרישטאָל און גאָלד.

און מלכה האָט פאַרבראַכט מיט חלדי׳ן מעהר ווי מיט אַנדערע יונגעלייט, און זי האָט איהם געפרעגט, ווי עס געפעלט איהם די שטאָט מיט איהרע פיהרונגען, און ער האָט איהר געזאָגט, אַז די שטאָט מיט איהרע לייט זיינען ביי איהם אַקעגען דאָרף מיט זיינע איינוואוינער, ווי דער הימעל איז צו דער ערד. אָבער די קלוגע מלכה האָט איהם געזאָגט, אַז ער דאַרף זיך גאָר ניט אַזוי קליין האַלטען. וואָרים ווערליג זי מיינט, איז אין דעם שטילען, רוהיגען דאָרף אַ סך בעסער צו וואוינען איידער אין דער גרויסער, רעש׳דיגער שטאָט

---

ווערדע—זעלבסט־רעספּעקט, **dignity**. רעש׳דיג (ראַאשדיג)—טומעלדיג.

און די מענשען אין דאָרף זיינען אויך מעהר גאַנץ מיט גאָט און איינער מיט'ן צוויטען איידער די שטאָט־לייט.

און איהר פאָטער בן־ישבעם איז די גאַנצע צייט געשטאַנען הינ־טער זיי און זיך איינגעהערט וואָס זיי רעדען, און אַז מלכה האָט דאָס געזאָגט, האָט ער זיך פלוצים באַוויזען און זיך אָפּגערופען:

„אויב עס איז אַזוי, מיין טאָכטער, טאָ האָב חתונה פאַר אַ דאָרפסמאַן!"

און חלדי האָט זיך אָפּגערופען:

„אַ דאָרפסמאַן בין איך דאָך!"

און די זאַך איז דער מיידעל זעהר געפעלען, און חלדי האָט גאָר איינגאַנצען פאַרגעסען אויף דער שענער ברורית, וואָס ער האָט מיט איהר פאַר עדות אַ זיכערהייט פאַרשניטען, און עד האָט אויסגעטאָן זיין פינגעריל פון זיין האַנט, און ער האָט מלכה'ן מיט דעם פאַר־קנס'ט.

און חלדי האָט מיט מלכה'ן חתונה געהאַט און ער האָט זי גע־נומען צו זיך אין דאָרף און האָט מיט איהר, ווי עס האָט אויסגעווי־זען, געלעבט אין גליק און אין נחת. און אין אַ יאָהר אַרום האָט מלכה חלדי'ן געבוירען אַ זוהן און עס איז גאָר ניט געווען קיין סוף צו זייער פרייד, וואָרים מאַן און ווייב האָבען איינס דאָס צווייטע ליב געהאַט ווי דאָס לעבען.

און די שענע ברורית, וואָס מען האָט אין איהר פנים ניט גע־קענט אַריינקוקען ווי אין פנים פון דער זון, האָט געוואַרט אויף איהר חתן די דריי טעג, און ער איז ניט געקומען. און עס זיינען פאַרבייגעגאַנגען נאָך טעג און וואָכען און חדשים, און אַ יאָהר אַ גאַנ־צעס איז שוין אַוועק און ער איז אַלץ ניט געקומען. אָבער זי האָט אויף איהם די גאַנצע צייט געטריי געוואַרט, און אַז די חתנים האָבען איהר טאַטען די שוועל אָפּגעשלאָגען און געבעטען ער זאָל זי זיי געבען פאַר אַ ווייב, האָט ברורית געזאָגט, אַז זי קען אויף זיי ניט קוקען, און זי האָט זיך פאַרשפאַרט אין איהר אַלקער און זי האָט

גאַנץ מיט גאָט—געטריי, עהרליך, איבערגעגעבען צו גאָט. חתונה (כאַסענע). נחת (נאַכעס)—גרויס פאַרגעניגען, פרייד, זיסער גענוס. חתן (כאָסן)—דער פאַר'קנס'טער, fiance: מעהרצאהל—חתנים (כאַסאַנים).

געוויינט און געקלאָגט, און אַלע האָבען געזאָגט, ניט אַנדערש, אַז אַ בעזער רוח איז אין איהר אַריין, און זי איז מרה שחורה געוואָרען.

און גאָט דער גערעכטער האָט געזעהען דער עהרליכער ברורית׳־עס צער, און אַז חלדי האָט ניט געהיט דאָס וואָרט, וואָס ער׳ט איהר געגעבען, און ער׳ט איהם געשטראָפט.

ויהי היום, איינמאָל, ווען מלכה׳ס זוהנעלע איז שוין אַלט געווען דריי חדשים, האָט איהם די מאַמע אַרויסגענומען אין גאָרטען און זי האָט איהם געהעצקעט אויף איהרע קני און זיך מיט איהם געשפּילט. פּלוצים איז פלינק געקומען צושפּרינגען אַ ווילדע קאַץ און נאָך דעם, ווי זי האָט געגעבען אַ בליץ מיט איהרע ברע־נענדיגע אויגען, איז זי אַרויפגעשפּרונגען אויף׳ן קינד און עס גע־געבען אַ טיפען בים און איז אַנטלאָפען. דאָס עופה׳לע איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ גרויס געוויין, מלכה האָט זיך שטאַרק דערשראָקען און זי האָט אויף שנעל געלאָזט ברענגען אַלע רופאים און אַלע ווייסערס, אָבער עס איז צום בים קיין שום רפואה, קיין שום מיטעל ניט געווען, און אַז די זון איז אונטערגעגאַנגען, איז דאָס קינד גע־שטאָרבען.

און מלכה האָט זעהר געטרויערט נאָך איהר זוהן, און חלדי האָט נאָך איהם אויך געקלאָגט, און ער האָט זיך זעהר שטאַרק פאַרטראַכט. אָבער ער האָט זיין ווייב גאָרנישט ניט דערצעהלט, נאָר ער האָט זי געטרייסט, און אַז עס איז אַוועק דאָס יאָהר האָט מלכה געבוירען אַ צווייטען זוהן, און זי האָט זיך מיט איהם געטרייסט נאָך איהר זוהן, דעם בכור, און זי האָט איהם אָפּגעהיט ווי דאָס שוואַרצאַפּעל פון אויג.

ויהי היום, און דאָס קינד איז אַלט געוואָרען אַ יאָהר, האָט איהם זיין אַם אַרויסגענומען אין פעלד אַריין, עס זאָל אָטעמען פרי־

---

רוח (רואך)—בעזער גייסט, evil spirit. מרה שחורה (מארע שכעירע)—(א שווארצע גאל, דאס האט מען געמיינט זאל זיין די סיבה, וואס מען געהט אראפ פון זי־נען), א טיפע מעלאנכאליע. עופה׳לע (ע׳יפעלע)—א זויג־קינד. רופאים (ראפים)—היילער, דאקטוירים; איינצאהל—רופא (רעיפע). בכור (בעכאר)—דער ערשט־גע־בארענער זוהן.

שע לופט, און זי האָט איהם פאַרבייגעטראָגען לעבען אַ ברונים מיט וואַסער. און אַז דאָס קינד האָט זיין אייגען שען פּנים'על דער-זעהן אין וואַסער־שפּיגעל, האָט זיך עס נאָך דעם געגעבען אַ ציה און אַרויסגעגליטשט זיך פון דער אַם'ס אָרעמס און איז אַריינגעפאַ-לען אין ברונים. דאָס מיידעל האָט אַרויסגעלאָזט אַ מורא'דיג געשריי און איז נאָכגעשפּרונגען נאָך'ן קינד אין ברונים אַריין. אָבער, אַז זי האָט עס פון וואַסער אַרויסגענומען, איז עס שוין געווען אָהן אַן אָטעם, און וויפיעל מען האָט דאָס קינד ניט צוריבען און צוטרייסעלט, איז עס צו זיך שוין ניט געקומען.

חלדי'ס הויז איז פול געוואָרען מיט קלאָג, פון דעסטוועגען, אַז די גאָטס־פאָרכטיגע מלכה האָט גוט באַוויינט איהר צווייטען זוהן, האָט זי זיך שוין אַ ביסעל באַרוהיגט, אָבער חלדי האָט ניט אויפגע-הערט צו וויינען און צו קלאָגען און ניט מלכה און ניט זיין פאָטער און ניט זיין שווער האָבען איהם געקענט טרייסטען. און אַז עס זיינען אַוועק די זיבען טעג פון אבלות, און חלדי האָט נאָך אַלץ ניט איינגע-האַלטען זיין צער, האָט איהם מלכה זעהר שטאַרק געבעטען, ער זאָל איהר אויסזאָגען דעם סוד פון זיין גרויסען טרויער, וואָס קען זיך גאָר קיין טרייסט ניט געפינען. און זי האָט צו איהם געזאָגט :

„איך וויים, מיין ליבער מאַן, אַז עפּעס איז דאָ ניט גלאַט. איך האָב שוין באַמערקט, נאָך פון זינט אונזער בכור איז געשטאָר-בען, אַז דו באַהאַלסט עפּעס פון מיר. עס איז ניט רעכט, מיין לי-בער, אַז דו זאָלסט פאַר מיר האָבען סודות. לאָ'מיך וויסען, וואָס עס דריקט דיין האַרץ, אפשר וועל איך עס קענען גרינגער מאַכען.

און חלדי האָט זיך שוין מעהר ניט געקענט איינהאַלטען, און ער איז מלכה'ן געפאַלען צו די פיס און ער האָט מיט גרוים געוויין אויסגערופען :

„זיי מיר מוחל, טייערע, דו ביזט ריין ווי די זון. איך, איך בין דער שולדיגער !"

---

אָבלות (אָוועילעם)—טרויער נאָך אַ טויטען.

און ער האָט איהר דערצעהלט די גאַנצע מעשה מיט ברורית׳ן, ווי אַזוי זיי האָבען פאַרשניטען אַ זיכערהייט און ווי אַזוי זיי האָבען געשטעלט עדות די קאַץ מיט׳ן ברונים.

און אַז מלכה האָט דאָס דערהערט, איז איהר האַרץ געוואָרען ווי אַ שטיין, אָבער זי האָט זיך געשטאַרקט און געזאָגט:

„יא, מיין מאַן, דו האָסט געזינדיגט פאַר גאָט, דערמיט וואָס דו האָסט ניט געהאַלטען דיין שבועה צו אַ אידישער טאָכטער. און איצט, מיין ליבער, געה זוך אָפּ ברורית׳ן און האָב מיט איהר חתונה.״

און חלדי האָט געוויינט נאָך שטאַרקער און האָט געזאָגט:

„מיין גוטע און טרייע ווייב! ווי קענסטו עס גאָר אַזוי רעדען און ווי קען איך אַזוינס טאָן! נאָך וועניג האָט מיך גאָט געשטראָפט, אַוועקנעמענדיג אונזערע צוויי קינדער, זאָל איך נאָך דיך אויך אָנ־ווערען?״

אָבער מלכה האָט געזאָגט:

„דו ווייסט דאָך, מיין מאַן, ווי ליב איך האָב דיך געהאַט די גאַנצע צייט זינט איך האָב דיך דערקענט. אָבער וואָס קען מען טאָן? מיר האָבען פאַרזינדיגט פאַר גאָט, דו ביסט ניט מיינער, דו געהערסט צו דיין אמת׳ער ערשטער באַשערטער. געה צו איהר און זאָל דיר גאָט מיט איהר געבען גליק.״

און אַז חלדי האָט דערזעהען, אַז עס העלפט ניט קיין רעד, האָט ער מיט גרויס געוויין זיך מיט איהר אָפּגעזעגענט אויף אייביג און ער האָט זי אָפּגע׳גט און אַלע מענשען, וואָס האָבען דאָס געזעהן, האָבען פאַרגאָסען טייכען טרערען, און מלכה איז אַוועק צוריק אין הויז פון איהר פאָטער אין ירושלים.

און אויף מאָרגען איז חלדי אַוועק אין וועג און ער איז געקומען צו ברורית׳ס פאָטער און זיך מיט איהם צערעדט און ער איז איהם געפעלען געוואָרען, און חלדי האָט צו איהם אַזוי געזאָגט:

**„איך האָב געהערט זאָגען, אַז דו האָסט אַ שענע, געראָטענע טאָכטער, גיב זי מיר פאַר אַ ווייב״.**

---

גט (געט) —divorce. אָפּ׳גט׳ען —to divorce.

און דער פאָטער האָט געענטפערט :

„געפעלען, געפעלסטו מיר שוין גאָר און פאַר אַן איידים דיך צו האָבען וואָלט איך אודאי געוואָלט. אָבער זאָלסט וויסען זיין, אַז מיין טאָכטער איז נעבאַך אַ צעמישטע שוין צוויי יאָהר. ווי נאָר עס קומט צו איהר אַ חתן, צערייסט זי אויף זיך איהרע קליידער, צערייסט אויך זיינע קליידער און זי טרייבט איהם אַרויס.״

אָבער חלדי האָט געזאָגט :

„זאָל זיין, וואָס עס וויל זיך, איך מוז זי האָבען !״

און דער פאָטער האָט געזאָגט :

„גוט, פּרואוו !״

און ברורית׳עס פאָטער האָט אַוועקגעשטעלט עדות און ער האָט חלדי׳ן אַריינגעלאָזט צו דער טאָכטער אין אַלקער. און ווי נאָר חלדי האָט אויפגעעפענט די טיר, האָט ברורית צו איהם געגעבען אַ שפּרונג און מיט גרויס געוויין פון פרייד איז זי איהם געפאַלען אויף׳ן האַלז און אויסגערופען :

„דו ביסט עס, מיין חלדי ? דו ביסט עס מיין טייערער ? דו האָסט זיך טאַקע אומגעקערט צו מיר ? דו האָסט מיך ניט פאַרגעסען ? און דו וועסט זיין מיינער ? אָ, חלדי טייערער, איך האָב אַזוי געבענקט נאָך דיר, אַז אַלע האָבען מיך שוין געהאַלטען פאַר אַ משוגע׳נע.״

און חלדי איז איהר געפאַלען צו די פיס און געזאָגט :

„מיין גאָלדענע ברורית ! ווען דו וואָלסט וויסען ווי איך האָב געזינדיגט קעגען גאָט און קעגען דיר ? !״

און ער האָט איהר דערצעהלט אַלץ וואָס מיט איהם האָט געטראָפען, און זי האָט זיך זעהר געוואונדערט, און זי האָט איהם מוחל געוועזן פון איהר גאַנצען הארצען און זי איז געוואָרען זיין ווייב.

און ביידע זיינען געטרייסט געוואָרען, און די ליכטיגע ברורית האָט איהר מאַן געבוירען שענע זיהן און טעכטער, און די קינדער האָבען זיך געהאָדעוועט און זיינען גרויס געוואָרען און קיין שום בעז האָט זיי ניט געטראָפען און מעהר קיין בעז האָט שוין אויך חלדי׳ס גאַנץ הויזגעזינד ניט געטראָפען.

---

צעמישט—ניט ביים זינען.

די אויביגע געשיכטע ווערט דערצעהלט אין מדרש, וואָס איז אַ טייל פון דעם תלמוד. זי איז אַ פיינע ליבעס־אידיליע, וואו די העלדען טיילען זיך מיט זייער פרייד און לייד מיט דער אַרומיגער נאַטור און זי, די נאַטור, קומט אַריין אַלס חבר׳טע אין זייער ליבע. די ליבעס־געשיכטע איז אַן עכט-אידישע, דער-מיט, וואָס זי איז ריין און ציכטיג, גוט און פרום.

די מעשה איז שוין מעהרערע מאָל באַנוצט געוואָרען אין דערצעהלונגען. אויף איהר איז אויך געבויט דער סוזשעט פון דער עלטסטער און באַריהמטסטער אידישער אפּערעטע, אברהם גאָלדפאַדען׳ס „שולמית״.

אין איצטיגען ביכעל ווערט די מעשה עטוואָס פריי איבערדערצעהלט לויט זאב יעבץ (אַרויסגענומען פון „נטיעים״) און מיכה יוסף בערדיטשעווסקי (מאוצר האגדה, בערלין — וואַרשע, תרע״ד.



# בערל לעמבערגער אדער קידוש לבנה

---

### א. דער שטורם אויפ'ן ים

אין דער אלטער שטאט לעמבערג איז אמאל געווען א גרויסער רב, איז ער געווען א גרויסער צדיק, און פון אלע מצוות האט ער זעהר האלט געהאט די מצוה פון קידוש לבנה, און ווען ער פלעגט מחדש זיין די לבנה פלעגן זיינע אויגען לייכטען מיט גרויס לויטער-קייט, און זיין הויכער שטערן און זיין זילבערנע בארד פלעגען פינקלען אין דער נאכט מיט אזא וואונדערליכער שיין, אז מען האט עס געקאנט זעהן פאר מיילען, ווייל ער איז געווען א גרויסער צדיק און א גרויסער בעל מופת.

---

**מצוה** (מיצווע)—א גוטע, פרומע זאך, וואס איז אנגעזאגט פון גאט און זיין תורה, אז מען זאל עס טאן; א גוטע זאך, וואס עס איז רעכט, אז מען זאל עס טאן. **קידוש לבנה**—(די הייליגונג פון דער לבנה) אנהויב חודש, אז די לבנה ווערט פול, זיינען די אידען זי מקדש (מעקאדעש)—עס הייסט זיי הייליגען זי, אדער מחדש (מעכאדעש)—עס הייסט זיי באנייען זי; מען זינגט געזאנגען צו דער לבנה און מען שפרינגט קע-גען איהר. אין איין ארט זאגט מען „שלום עליכם" (פרידען צו אייך—די געוועהנליכע אידישע באגריסונג) און דער וואס שטעהט דערביי מוז ענטפערן „עליכם שלום" (צו אייך פרידען—דער געוועהנליכער אידישער ענטפער אויף א באגריסונג). **לויטערקייט**—קלארקייט. **מופת** (מעיפעס)—א נס, א וואונדער; **בעל מופת**—א צדיק, וואס קען טאן וואונדער.

און די לעמבערגער אידען האָבען זעהר ליב געהאַט זייער רב און זיין קידוש לבנה, און מעהר פון אַלע האָט זיי ליב געהאַט דער דאָרער קלוגער סוחר בערל לעמבערגער. בערל האָט קיין מאָל ניט פאַרפעהלט מחדש צו זיין די לבנה אינאיינעם מיט'ן רב, אויב ער איז נאָר געווען אין שטאָט, און צו ענטפערן דעם אַלטען צדיק „עליכם שלום" אויף זיין „שלום עליכם!" און אַז בערלען איז אויסגעקומען אויף זיינע ווייטע נסיעות מחדש צו זיין די לבנה אַליין, איז איהם שיער דאָס האַרץ ניט צעגאַנגען פאַר בענקשאַפט נאָך'ן רב'ס געבענטשטען קידוש לבנה און זיין ליכטיגער צורה.

פאָהרט זיך אַזוי איינמאָל בערל לעמבערגער מיט נאָך פאַרשוינען איבער'ן גרויסען ים, פיהרענדיג די סחורות, וואָס ער האָט איינגעהאַנדעלט אין ווייטע לענדער. זעהט ער ביי נאַכט, ווי די גרויסע, פולע לבנה געהט אויף איבער'ן ים, ניט ווייט פון זיין שיף, און דער גאַנצער ים נעמט ווערן אַלץ העלער און ליכטיגער, ווי מיליאָנען אויגען וואָלטען זיך אין איהם פאַנאַדערגעעפענט. ביז אַלע וואַסערן פון ים שיינען מיט אַ מאָל אויף מיט אַזאַ גרויסען און ליכטיגען כח, ווי זיי וואָלטען געזונגען שירה צו דער נאַכט, צום הימעל און צו גאָט ברוך הוא. טראַכט ביי זיך בערל:

אָט איצט פאַרשטעה איך פון וואַנען עס נעמט זיך די שענקייט פון אונזער רב'ס פנים ביי קידוש לבנה. ניט אַנדערש, אַז עס קומט פון זיין תורה, וואָס איז טיף און ברייט ווי דער ים, געהט אויף דאָס גאַנצע ליכט פון דעם אויפגעלייכטען ים אין זיין הייליגער צורה.

און בערל האָט זיך זעהר שטאַרק פאַרבענקט נאָך'ן רב און נאָך דער אַלטער גאָטספאָרכטיגער שטאָט לעמבערג. אָבער ער האָט זיך באַלד געטרייסט, אַז דער ים איז שטיל, וועט ער מיט גאָט'ס הילף נאָך אָנציהען אַהיים אויפ'ן נייעם קידוש לבנה און ער וועט אויך דעם חודש שטעהן לעבען רב אינאיינעם מיט דער גאַנצער לעמבערגער קהלה קדושה און זיך שפּיגלען אין דעם צדיק'ס ליכטיגען פנים.

---

צורה (צורע)—פּנים. פאַרשוין—אַ מענש, אַ פּאַסאַזשיר.

אָבער ווי בערל טראַכט אַזוי, ערשט פּלוצים באַווייזט זיך אַ וואָלקען ווייט אַרויף צווישען הימעל און וואַסער, און נאָך דעם וואָלקען נאָך איינער און נאָך איינער, ביז די לבנה איז פאַרשטעלט געוואָרען. און דער הימעל איז געוואָרען פינסטער און די נאַכט איז געוואָרען שוואַרץ און דער ים איז מיט אַמאָל געוואָרען ווילד און בעז, ווי מען וואָלט פּלוצים אַלע זיינע ליכטיגע אויגען אויסגעשטאָכען, און באַלד דערנאָך האָט זיך אויפגעהויבען אַ גרויסער שטורם-ווינט און דער גאַנצער ים איז מיט אַמאָל געוואָרען אַזוי צעררייצט און ווילד פאַר כעס, אַז ער האָט גענומען אויפשלאָגען זיינע כוואַליעס אין טויזענדער איילענדיגע חילות און אין טויזענדער מחנות צעריצטע פערד, מיט ווייס-שוימיגע גריוועס. און די אָהן אַ צאָהל וואַסער-זעלנער און וואַסער-פערד האָבען סאָפּענדיג און ברומענדיג זיך געוואָרפען איינע אויף די צווייטע מיט גרויס צאָרן, און אַלע האָבען זיך אויסגעמישט אינאיינעם און אינאיינעם האָבען זיי זיך אָט אויפגעהויבען ביז׳ן פינסטערען הימעל און אָט האָבען זיי זיך אַראָפּגעלאָזט ביז צו די גרונטען פון דעם צעקאָכטען ים. און דער ים האָט גענומען טראָגען פון איין עק הימעל ביז צום אַנדערן און די שיף האָט ווי אַ שפּענדעל גענומען פליהען פון׳ם רוקען פון איין וואַסער-מחנה צו דער צווייטער, ביז זי איז צעטרייסעלט און צעטראָטען געוואָרען אין שטיקער, און אַלע פאַרשווינען, וואָס האָבען זיך געפונען אויף׳ן שיף, זיינען אַריינגעפאַלען אין דעם שטורעמדיגען ים.

ב. דער ריז אויף איין אויג

און די גאַנצע צייט פון שטורם און אַפילו זייענדיג שוין אין וואַסער, האָט בערל לעמבערגער אַלץ ניט אויפגעהערט צו טראַכטען, אַז ער וואָלט זעהר וועלען כאָטש נאָך איין מאָל זעהן דעם רב ביי קידוש לבנה, האָט דערפאַר גאָט מיט איהם געטאָן אַ נס און ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן אַ ברעט. און נאָך איינער, פון די פאַרשווינען, אַ פעטער טערק, האָט זיך אויך אָנגעכאַפּט אָן דעם ברעט. האָט זיי דער שטורמדיגער ים אַזוי לאַנג געטראָגען איבער זיינע

---

וויסט—אָנגעכמורעט, צאַרנדיג. גרונט—דער פונדאַמענט, די דעק.

פארשווימטע וואסער־בערג, ביז ער האט זיי ארויסגעווארפען אויף א ווייספע. ליגען זיי אזויביידע אויף דער ווייספע, דער טערק און בערל. טראכט צו זיך בערל: נו, וואס וועט זיין?

און דער טערק טראכט גאר ניט.

זאגט בערל צום טערק:

— איא מיר האבען א גרויסען גאט?!

פרעגט דער טערק א צעטומעלטער:

— הא? וואס?

זאגט בערל:

— וואס הייסט: „הא? וואס!?" — זעהסט דאך אז גאט האט אונז געשענקט דאס לעבען.

רופט זיך אפ דער טערק א צעשראקענער:

— נו, און וואס וועט איצטער זיין?

זאגט בערל:

— וואס הייסט „וואס וועט איצטער זיין?" — קום לאמיר זוכען!

געהען זיי אזוי ביידע און זוכען א טאג מיט א נאכט און נאך א טאג מיט נאך א נאכט. און זיי זיינען שוין ביידע גוט הונגעריג און מיד און זיי קאנען זיך אלץ ניט דערשלאגען צו א מענשליכען ישוב. ערשט אויף'ן דריטען פארנאכט הויבען זיי אויף זייערע אויגען און דערזעהען ווי אין איין זייט ווייספע זעצט זיך די גרויסע זון און אין דער צווייטער זייט געהט אויף די גרויסע פולע לבנה פון פאר חצי־חודש און אין מיטען באווייזט זיך א פאסטעך מיט א טשערעדע שאף. דער־פרייען זיי זיך ביידע און לאזען זיך גלייך אנטקעגען דער טשערעדע. ווי נאר אבער זיי קומען אהין דערזעהען זיי, אז דער פאסטעך איז זעהר א הויכער מענש און אז ער האט נאר איין אויג און דאס אויג שטעהט ביי איהם אויף'ן סאמע מיטען שטערן. האבען זיי זיך פאר איהם זעהר דערשראקען, ווייל זיי האבען גלייך פארשטאנען, אז דאס איז אזא מין ווילדער ריז, א רוצח, און זיי האבען געוואלט

ישוב (ישעוו)—באוואוינט לאנד, אז ארט, וואו מענשען וואוינען. חצי (כאצי) חודש—דער מיטען חודש. פאסטעך—איינער וואס פיטערט שאף אדער רינדער. רוצח (רעציאח)—א מערדער.

אַנטלויפען. לאָזט זיי שוין אָבער דער ריז ניט אַוועקלויפען, נאָר ער נעמט און זעצט זיי אַוועק לעבען זיך ביז עס איז געוואָרען נאַכט. און אַז עס איז געוואָרען נאַכט און ער האָט גענומען פאַרטרייבען זיינע שאָף, האָט ער זיי אויך געטריבען אינאיינעם מיט די שאָף. און ער האָט אַזוי אַלע אינאיינעם פאַרטריבען אין אַ גרויסען הויף מיט אַ הויכען פאַרקאַן און ער האָט פאַרשלאָסען דעם טויער פון אינעווייניג.

טראַכט ביי זיך בערל:

— נו, און וואָס וועט איצטער זיין?

און דער טערק טראַכט גאָר ניט.

און דער ריז מיט איין אויג אין שטערן נעמט זיך ביי דער שיין פון דער לבנה פאַנאַנדערלעגען אַ גרויס פייער. און ווען דאָס פייער ברענט זיך פאַנאַנדער, נעמט דער ריז זיין שפּיז און געהט צו צו בערלען און גיט איהם אַ טאַפּ מיט דער האַנט. זעהט ער, אַז בערל איז דאַר, לאָזט ער איהם אָפּ און געהט צו צום טערק און גיט איהם אַ טאַפּ, זעהט ער אַז דער טערק איז פעט, שטעכט ער איהם אַריין דעם שפּיז אין בויך און לעגט איהם אויף'ן פייער בראָטען. און אַז ער האָט איהם אָפּגעבראָטען און האָט איהם אויפגעגעסען און האָט נאָך פאַרטרונקען מיט אַ פאַס וויין, האָט ער זיך געלעגט שלאָפען.

איז אויף בערלען אָנגעפאַלען אַ גרויסע שרעק, זיצט ער זיך אַזוי צווישען די שאָף און טראַכט: איך האָב דאָך אין דערהיים אַ ווייב מיט קינדער! וואָס וועט פון זיי ווערן, אַז דער גזלן וועט מיך אויפעסען? און צי וועל איך טאַקע שוין מעהר ניט זעהן אונזער הייליגען רב ביי קידוש לבנה?

און ווי נאָר בערל טראַכט אַזוי, קומט איהם גלייך אין קאָפּ אַריין אַזאַ געדאַנק: דער ריז האָט זיך זאַט אָנגעגעסען און אָנגעטרונקען מיט וויין, שלאָפט ער דאָך איצט ווי אַ גע'הרג'עטער. איז צו וואָס זאָל איך, בערל לעמבערגער, דאָ זיצען צווישען די שאָף ווי אַ נאַר און וואַרטען ביז ער וועט זיך אויפכאַפּען און מיך אויך אָפּבראָטען? ניין, איך בין בערל לעמבערגער און האָב אַ

---

פאַרקאַן — אַ צאַהם.

גרויסען גאָט אין הימעל און אַ היילינגען רב אין אונזער קהלה קדושה, און אויב מיר איז נאָך באַשערט צו לעבען, דאַרף איך איצט ניט זיצען ווי אַ באָק.

און בערל האָט זיך מיט אַ מאָל אויפגעהויבען פון צווישען די שאָף און ער איז צוגעגאַנגען און האָט אָנגענומען דעם ריז׳ס גרויסען שפּיז און האָט איהם אַריינגעלעגט אין פייער. און ווען דער שפּיז איז געוואָרען שטאַרק רויט, האָט ער איהם אַ צעגליהטען אַרויסגענומען



פון פייער. דער צעגליהטער שפּיז האָט געברענט אין דער נאַכט ווי אַן אָנגעצונדענער און אַז בערל האָט מיט איהם אַ פּאַטש געטאָן אין דער לופט, האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די נאַכט צינדט זיך אָן. און בערל האָט אויפגעהויבען זיינע אויגען צו דער אויסגעשיינטער לבנה און האָט געזאָגט:

— שענע לבנה, איך בין בערל לעמבערגער, איך האָב דאָך דיך אַזוי פיעל מאָל מחדש געווען אינאיינעם מיט אונזער היילינגען רב און איך וויל דיך אויך ווייטער מחדש זיין, העלף מיר נאָר, איך

בעט דיך, פון אַט דעם ריז, דעם רוצח מיט׳ן אויג אין שטערן, וואָס האָט ליב צו עסען געבראָטענע מענשען!

און די לבנה האָט בערלען געשיינט אַקעגען ליכטיג און פריי־ליך, און בערל האָט זיך דערפיהלט זעהר שטאַרק און האָט אָנ־גענומען דעם שפּיז און האָט זיין צעגליהטען שפּיץ אַריינגעשטאָכען דעם ריז אין אויג. האָט זיך דער ריז גלייך אויפגעכאַפּט מיט מורא׳דיגע קולות און האָט זיך גענומען יאָגען איבער׳ן גאַנצען הויף צו כאַפּען בערלען, אָבער בערל האָט זיך באַהאַלטען צווישען די שאָף און דער ריז, וואָס איז שוין איצט געווען בלינד, האָט איהם ניט געקאָנט זעהן. און אַז דער ריז האָט זיך אַרומגעזעהן, אַז אַזוי קען ער מיט בערלען גאָר ניט מאַכען, איז ער צוגעגאַנגען און האָט געעפענט די שמאָלע פאָרטקע פון טויער און ער האָט איינציגווייז אָנגעהייבען אַרויסלאָזען די שאָף און אַליין איז ער די גאַנצע צייט געשטאַנען לעבען פאָרטקע און געטאַפּט אין דער לופט מיט זיינע גרויסע הענט, טאָמער קומט בערל אינאיינעם מיט די שאָף וועט ער איהם כאַפּען און דערווערגען.

דערזעהט בערל, אַז עס איז ווידער שלעכט, הויבט ער אויף זיינע הענט צום הימעל און זיינע ליפּען שעפּצען שטיל אַ געבעט:

— ליבער גאָט! דו האָסט מיר געהאָלפען ביז איצט, טאָ העלף זשע מיר אויך ווייטער!

און ווי נאָר ער זאָגט דאָס אַרויס, קומט איהם גלייך אַ גוטער געדאַנק אַרויף אויף׳ן זינען: די שאָף זיינען זעהר גרויסע און זיי זיינען באַוואָקסען מיט געקרויזטע לאַנגע האָר; נעמט ער דעם ריז׳ס שפּיז און אַ שטיק ברויט און לעגט זיך דערמיט אַרונטער אונ־טער דעם בויך פון אַ גרויסער שאָף און פלעכט זיך איין אין איהרע לאַנגע וואָל, געהט די שאָף און טראָגט איהם אַרויס פון טויער אינאיינעם מיט׳ן שפּיז און מיט׳ן ברויט.

---

פאָרטקע — אַ קליין טירעל, אַ טירעל איז אַ טויער. שעפּצען — שושקען, רעדען שטיל, קוים וואָס מען הערט.

## ג. דער פייערדיגער קרייז און דער שד

און אַז בערל לעמבערגער איז אַרויס פון טויער האָט ער גע־כאַפּט הענט און פיס און גענומען לויפען ווי דער ווינט וואָלט איהם געטראָגען. אָבער ווי ער לויפט אַזוי, דערזעהט ער פון דער ווייטענס ווי עס לויפט אַ קלאָר־ווייסע שאָף און נאָך איהר יאָגט זיך נאָך אַ ווילדער פאַנדול, מיט אַ קאָפּ פון אַ חזיר, מיט צוויי לאַנגע געדרעהד־טע הערנער און מיט שאַרפע, מורא'דיגע צייהן. און די שאָף איז אַזוי ווייס, אַז אַזאַ מין ווייסקייט האָט מען נאָך גאָר אויף דער וועלט ניט געזעהן. און דאָ דעם פאַנדול'ס פּיסק איז מורא'דיג צעעפענט און זיינע נאָזלעכער זענען צעשפּרייט און עס זעצט פון זיי אַרויס שטי־קער פייער. און דער פאַנדול וויל ניט אַנדערש, ווי פאַרצוקען די קלאָר־ווייסע שאָף. האָט דאָס בערלען אָנגעהויבען זעהר באַנג טאָן. און ווי בערל לעמבערגער האָט אַזוי געקוקט צו דער שאָף, האָט די שאָף איהם אויך דערזעהן, און אַז די שאָף האָט איהם דערזעהן, האָט זי זיך גלייך געלאָזט לויפען צו איהם און דער בעזער פאַנדול נאָך איהר.

זעהט בערל אַז ס'איז שלעכט, אַז דער פאַנדול וועט דאָך די שאָף אודאי אָניאָגען און דענסטמאָל וועט ער מן הסתם צערייסען אי די שאָף, אי איהם, נאָר ער מאַכט ביי זיך אָפּ: מילא, וואָס עס וועט זיין, וועט זיין. איך האָב דאָך אַ שאַרפען שפּיז אין האַנט און אַ גוטען גאָט אין הימעל, און אויף דער שאָף איז דאָך טאַקע אַ גרויס רחמנות.

און ווי נאָר בערל לעמבערגער טראַכט אַזוי, איז שוין די שאָף ניט ווייט פון איהם, אָבער זי קומט ניט צו גלייך צו איהם, נאָר זי לויפט פריהער אַרום און אַרום איהם. און ווי די ווייסע שאָף לויפט אַזוי ווערט אַרום בערל לעמבערגער אַ גרויסער פייערדיגער קרייז און די ווייסע שאָף לויפט אַריין אינעווייניג אין קרייז און שטעלט זיך אָוועק לעבען בערלען.

---

**פאַנדול**—איינס פון די שרעקליכע באַשעפענישען, האַלב־חיה, האַלב־שד, פון די אַלטע געשיכטען. **חזיר** (כאַזער)—שוויין. **פּיסק**—אַ גרויס, טיף מויל. **פאַרצוקען**—צערייסען און אויפעסען. **באַנג טאָן**—וועה טאָן, פאַרדריסען.

און אַז דער שד׳ישער פּאַנדול האָט דאָס דערזעהען, איז ער גע־וואָרען אַזוי צעקאָכט פון רציחה, אַז די שטיקער פייער פון זיינע נאָזלעכער און מויל האָבען גענומען שלאָגען אין גרויסע פלאַמען, אָבער ווי נאָר די פלאַמען האָבען דערגרייכט צום פייערדיגען קרייז אַרום בערלען און דער שאָף, זיינען זיי גלייך אויסגעלאָשען געוואָרען. און אַז דער פּאַנדול אַליין איז צוגעקומען, האָט ער גענומען לויפען אַרום דעם רינג ברענענדיג מיט רציחה און מיט אַ מורא׳דיגען ברומען. און ער האָט געקריצט מיט זיינע שרעקליכע צייהן און געריסען די ערד מיט די קלאָען פון זיינע פיס. און אַז דער פּאַנדול האָט דער־זעהן, אַז ער קאָן דעם פייערדיגען קרייז ניט אַריבער, האָט ער זיך אַנידערגעשטעלט דרויסען, פּונקט אַנטקעגען בערל לעמבערגער, און ער האָט גענומען רעווען און שרייען, אַז בערל זאָל איהם אַרויס־געבען די ווייסע שאָף, ווייל שוין זעהר פיעל יאָהרען, אַז ער יאָגט זיך נאָך איהר און קאָן זי אַלץ ניט כאַפּען. היינטיגע נאַכט, וואָלט ער זי געווים געוועזען געכאַפּט, ווען ניט ער — בערל לעמבערגער.

זאָגט צו איהם בערל לעמבערגער:

— בעזער פּאַנדול! דיין שרייען איז אומזיסט, איך וועל דיר די שאָף ניט געבען, ווייל איך זעה דאָך שוין איצט באַשיינפּער־ליך, אַז מיר איז באַשערט געוועזען זי צו באַשיצען. און דו, בעזע חיה, זעהסט דאָך שוין אַליין, אַז די שאָף באַשיצט אויך מיך, ווייל איבער דעם קרייז, וואָס זי האָט געמאַכט אַרום מיר, קאָנסטו אויך צו מיר ניט צוקומען.

הויבט דער פּאַנדול אָן צו שרייען נאָך העכער און נאָך שטאַרקער, נעמט ער רייסען די ערד אונטער זיך, און ער שצירעט אוים זיינע שרעקליכע צייהן און ער זאָגט:

— אויב דו גיסט מיר ניט אַרוים די שאָף, וועל איך דאָ בלייבען שטעהן לעבען קרייז ביז וואַנען דו וועסט שטאַרבען.

זאָגט בערל לעמבערגער צום פּאַנדול:

---

**רעווען**—שרייען (געהט אויף אַ חיה אָדער בהמה). **שצירען**—קריצען, **gnash**.

— איך בין בערל לעמבערגער, און איך שרעק זיך נאָר פאַר גאָט אין הימעל. און דו, בעזער פאַנדול, געה בעסער אַוועק פון דאַנען און לאָז צורוה די שאָף, ווייל אויב ניט, איז זעהסטו אָט דעם שפּיז ! ? דאָס איז דער שפּיז פון דעם גרויסען ריז מיט איין אויג אין שטערן, און איך האָב איהם דאָס איין אויג זיינס מיט אָט דעם שפּיז אויסגעשטאָכען. איצט זעהסטו איז דער שפּיז אין מיינע הענט, און אויב דו געהסט ניט אַוועק, פליהט דיר אָט דער שפּיז גלייך אין קאָפּ אַריין !

און ווי נאָר דער פאַנדול האָט דערהערט אַזוינע רעד און האָט דערזעהן דעם שפּיז, האָט ער זיך גלייך דערשראָקען און האָט זיך גענומען בעטען :

— איך בין הונגעריג ! איך בין הונגעריג !

זאָגט בערל לעמבערגער צום פאַנדול :

— איך וויל דיר קיין שלעכטס ניט טאָן. איך וועל דיר געבען מיין ברויט אויף צו שטילען דיין הונגער — איז גוט ?

שרייט אָבער דער שוואַרצער פאַנדול אויס :

— ניין ! ניין ! מיין הונגער איז ניט נאָך קיין אַנדער זאַך, אַ חוץ נאָך דער ווייסער שאָף !

זעהט בערל לעמבערגער, אַז עס איז שלעכט, הייבט ער אויף זיין שפּיז און זאָגט צום פאַנדול :

— ווי באַלד אַזוי, טו נאַ ! — און ער גיט איהם אַ וואָרף דעם גרויסען שפּיז.

איז דער ווילדער פאַנדול פאַר שרעק גלייך אויפגעשפּרונגען אין דער לופטען, און ער האָט זיך געלאָזט לויפען אין דער וועלט, וואוהין די אויגען האָבען איהם געטראָגען. אָבער דער שפּיז איז געפלויגען נאָך איהם, און אַזוי לאַנג און אַזוי ווייט ווי בערל לעמבערגער׳ס אויגען האָבען געקענט קוקען אין דער נאַכט, האָבען זיי אַלץ געזעהן ווי דער פאַנדול לויפט אַ ווילדער פאַר שרעק און דער שפּיז לויפט אַלץ נאָך נאָך איהם, אַזוי לאַנג און אַזוי ווייט, ביז זיי זיינען פאַרשוואונדען ערגעץ העט ווייט אין דער נאַכט אַריין. און אַז בערל

---

פאַרשווינדען—ניט ווערן.

לעמבערגער האָט זיך אומגעקוקט, איז שוין די ווייסע שאָף געווען ווייט פון איהם.

### ד. דער פארשאָלטענער קיסר

און בערל לעמבערגער האָט געדאנקט גאָט, וואָס ער האָט איהם געהאָלפען ראַטעווען די ווייסע שאָף און ער האָט זיך געלאָזט געהן ווייטער. און ער איז געגאַנגען אַ נאַכט מיט אַ טאָג, ביז אויף מאָר־גען פארנאַכט, ווען עס איז איהם אויסגעגאַנגען דאָס לעצטע שטיקעל ברויט, האָט ער פאַר זיך דערזעהען אַ גרויסען פּאַלאַץ. געהט ער צו צום פּאַלאַץ און עפענט אויף די טיר. זעהט ער, אַז עס איז אַ שענער פּאַלאַץ, פול מיט גילדערנע און זילבערנע כלים, אָבער אין פּאַלאַץ איז קיינער ניטאָ. טראַכט זיך בערל:

וואָס הייסט? פאַר וואָס איז דאָ עפּעס קיינער ניטאָ? קלערט ער ביי זיך: ניט אַנדערש, דאָס איז אַ נעסט פון גזלנים, וואָס קומען זיך אַהער צונויף אין מיטען דער נאַכט און באַהאַלטען דאָ זייערע אָנ־גע'גזל'טע אוצרות, דערפאַר איז איצט דאָ קיינער ניטאָ.

און ער טראַכט ביי זיך ווייטער:

— זאָל איך בלייבען דאָ? קאָנען זיי מיך נאָך הרג'ענען! זאָל איך ווייטער לויפען? ווייס איך ניט וואו! און אויב זיי טרעפען מיך אָן אין פעלד הרג'ענען זיי דאָך מיך סאַי ווי סאַי, און מיד בין איך אויך. וואָלט דאָך געווען גלייכער איך זאָל זיך דאָ אויסבאַהאַלטען ביז איבער נאַכט, און אויף מאָרגען, ווען דאָ וועט ווידער קיינער ניט זיין, וועל איך מיר געהן ווייטער.

און ווי ער טראַכט אַזוי דערזעהט ער פאַר זיך אַ הרובע, נעמט ער און קריכט אריין אין הרובע און פאַרמאַכט דאָס טירעל און לאָזט נאָר אָפען אַ קליינע שפּאַרינע, אַזוי, אַז ער זאָל קאָנען זעהן, וואָס עס וועט זיך דאָ טאָן ביי דער נאַכט.

---

כלים (קעילים)—געשיר, שטוב־זאכען, געצייג צו דער ארבעט; איינצאהל—כלי (קעילע). גזל'ענען (גאזלענען)—אוועקרויבען. הרובע—א הויכער הייץ־אויווען. שפּארי־נע—שפּעלטעל, crack, chink.

איז ווי בערל לעמבערגער ליגט אַזוי אין הרובע און קוקט אַרויס אין רייכען פּאַלאַץ דערזעהט ער, ווי פאַר די פענסטער פון דעם פּאַלאַץ געהט אויף די לבנה. און ווי נאָר עס געהט אויף די לבנה, אַזוי דערהערט זיך מיט אַמאָל אַ קומען פון גרויסע חילות, און עס דערהערט זיך אַ וואונדערבאַר שפּילען פון גרויסע מוזיק־קאַפּע־ליעס, און עס דערהערען זיך אין דער נאַכט די געשרייען פון די פיעל חילות:

— דער מלך קומט אַהער!

— דער מלך קומט אַהער!

— עס לעבט אונזער מלך!

— דער מלך לעבט!

און די מוזיק־קאַפּעליעס צעשפּילען זיך נאָך פרעהליכער. און אַט זיינען זיי שוין גאָר נאָהענט פון פּאַלאַץ. און אויף בערלען פאַלט אָן אַזאַ שרעק, אַז עס האַלט זיך אין איהם קוים איין די נשמה. און דערווייל צינדט זיך אין פּאַלאַץ אָן פיעל ליכט. און אַלע זילבער־נע און גאָלדערנע כלים שיינען זיך זעהר שטאַרק פאַנאַנדער און עס צעעפענען זיך די טירען און עס קומט אַריין דער מלך מיט אַ סך האַרען, און די האַרען זעצען דעם מלך מיט גרויס פּאַראַד אַרויף אויף אַ גאָלדענעם שטול און דער מלך זאָגט:

— ווער האָט עפּעס אַ קלאָג אָדער אַ משפט, זאָל ער קומען פאַר מיר, דען איך וועל אַלע ענטפערן!

זיינען אַ סך מענשען צוגעקומען און האָבען זיך פאַר איהם גע־לאָדען, און ער האָט אַלעמען זעהר גוט געענטפערט און גע'משפט און עס איז זיי אַלעמען זעהר וואויל געפעלען, און אַזוי האָט זיך דאָס געצויגען ביז האַלבע נאַכט. און ווי נאָר עס איז אָנגעקומען האַלבע נאַכט, אַזוי האָט זיך דערהערט דאָס קרעהען פון אַ האָן, און ווי נאָר עס האָט אַ קרעה געטאָן דער האָן, זיינען מיט אַמאָל לעבען קיניג ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסען צוויי שטאַרקע מענשען. און די צוויי שטאַרקע מענשען האָבען גלייך אָנגעכאַפּט דעם קיניג און זיי האָבען איהם צעריסען אין שטיקער, און אין פּאַלאַץ איז ווי־

אַ קאַפּעליע—אַן ארקעסטער. לאָדען זיך—משפּט'ען, פּראָצעסירען זיך פאַר אַ ריכטער.

דער קיינער ניט געבליבען, גלייך ווי עס וואָלט דאָרט גאָר פון פריה־ער קיינער ניט געווען. און די ליכט זיינען אַלע אויסגעלאָשען געוואָרען. נאָר די שיין פון דער לבנה און פון די זילבערנע און גאָלדערנע כלים, וואָס האָבען זיך געטונקט אין שיין פון דער לבנה, איז איבער דעם פּאַלאַץ געבליבען.

טראַכט ביי זיך בערל לעמבערגער:

וואָס זאָל דאָס באַטייטען?

און ער מאַכט ביי זיך אָפּ, אַז עס איז כדאי אויף ציקאַוועס דאָ צו פאַרבלייבען נאָך אויף אַ נאַכט און זעהן, וואָס אדרבה וועט דאָ אין דער אַנדערער נאַכט אַרויסקומען.

און ער טראַכט ביי זיך:

ממה נפשך! האָט מיר שוין גאָט יע באַשערט צו זעהן וואונ־דער, טו לאָ'מיך זעהן. און ווייטער איז דאָך גאָט אַ טאַטע. אפשר וויל טאַקע גאָט, איך זאָל דאָס אַלץ זעהן. כדי איך זאָל דאָס נאָכ־דעם קענען דערצעהלען פאַר'ן רב און פאַר דער גאַנצער קהלה קדושה.

און אַז עס איז געקומען די צווייטע נאַכט, איז ווי נאָר די לבנה האָט זיך באַוויזען פאַר די פענסטער פון פּאַלאַץ, אַזוי האָט זיך גלייך ווידער דערהערט דאָס אָנקומען פון אַ סך חיל און דאָס שפּילען פון אַ סך מוזיק־קאַפּעליעס. ווידער האָט מען אָנגעצונדען אַ סך ליכט און מען האָט אַריינגעפיהרט דעם מלך מיט גרויס פּאַראַד און ער האָט זיך געזעצט אויף זיין שטול און האָט געענטפערט אַלעמענס בקשות. אָבער ווי נאָר עס איז געקומען האַלבע נאַכט און דער האָן האָט אַ קרעה געטאָן, זיינען ווי פון דער ערד אויסגעוואַקסען די צוויי שטאַרקע מענשען און זיי זיינען צוגעלאָפען צום קיניג און זיי האָבען איהם אָנגעכאַפּט און האָבען איהם צעריסען אויף שטיקער.

טראַכט ביי זיך בערל לעמבערגער:

— טע־טע־טע! אויב יאָ אַזוי. אויב כל זמן ער איז קיניג הערט ער אויס אַלע בקשות און מען פאָלגט אויס זיינע באַפעה־

---

עס איז כדאי (קעדאַי) — עס לוינט זיך, עס איז ווערט צו. ציקאַוועס — טשיקאַוועס.
ממה נפשך (מימאַ נעפשאָך) — איינס פון די צוויי, ווי עס זאָל ניט זיין, אַז שוין אַזוי.
כל זמן (קאָל זמאַן) — אַזוי לאַנג ווי.

לען, טו צו וואָס זשע זאָל איך דאָ ליגען אין הרובע? אַמעהר וועל איך דאָ בעסער אָפּוואַרטען נאָך איין טאָג ביז אויף דער נאַכט, און ווי נאָר דער מלך וועט דאָ זיין און מענשען וועלען צו איהם קומען מיט בקשות, וועל איך צו איהם אויך צוגעהן און וועל איהם דער־צעהלען אַלץ וואָס מיט מיר האָט געטראָפען, און אַז איך בין דאָ אַ פאַרבלאָנדזשעטער און אַז איך האָב שוין עטליכע טעג ניט געגעסען, און אַז איך האָב אין דערהיים אַ ווייב מיט קינדער, און אַז אויב איך זאָל נאָך קאָנען אָנציהען אַהיים ביז אויף מאָרגען, וואָלט איך נאָך אפשר זוכה געוועזען צו שטעהן לעבען אונזער הייליגען רב ביי קידוש לבנה. און אַז דער מלך וועט אויסהערען מיין גאַנצע געשיכטע, קאָן דאָך זיין אַז ער וועט שאַפען, מען זאָל מיך אָפּפיהרען אַהיים. — עס קען דאָך אָבער אויך זיין, אַז ער זאָל מיך גאָר הייסען הרג'ע־נען? — קלערט בערל לעמבערגער ווייטער. אָבער באַלד ענט־פערט ער זיך אַליין און זאָגט:

— אַ איד טאָר אַזוי ניט טראַכטען, ווייל אויב עס איז אַ אידען באַשערט צו לעבען וועט איהם גאָט העלפען און ער וועט לעבען בליי־בען; און אויב ניט וועל איך דאָך דאָ סאַי ווי סאַי באַלד שטאַרבען פון הונגער.

און בערל האָט טאַקע אַזוי געטאָן און ער האָט אָפּגעוואַרט ביז עס איז ווידער געוואָרען נאַכט. און ווי נאָר דער מלך איז אָנגעקומען און האָט זיך אַרויפגעזעצט אויף זיין שטול און דער עולם האָט גע־נומען געהן צו איהם מיט בקשות, אַזוי איז בערל לעמבערגער אַרויס־געקראָכען פון הרובע און ער איז צוגעגאַנגען צום מלך און ער איז איהם געפאַלען צו די פיס און ער האָט איהם דערצעהלט זיין גאַנצע געשיכטע. און ווי דער מלך האָט אויסגעהערט אַלץ, וואָס מיט איהם האָט געטראָפען, אַזוי זאָגט ער גלייך:

— דיין פאַרלאַנג זאָל דערפילט ווערן!

און דער מלך האָט גלייך באַפוילען איינעם פון זיינע משרתים און געזאָגט:

---

אַמעהר—בעסער, גיכער, ליבער. זוכה (זעיכע) זיין—האבעז דעם זכות, די פרי־ווילעגיע; פארדינעז, ווערט זייז. שאַפען—באפוילעז. משרתים (מעשארסים)—דינער; איינצאהל—משרת (מעשארעם).

— פיהר אָפּ דעם מענשען אין זיין היים.

האָט יענער גלייך גענומען בערל לעמבערגער פאַר דער האַנט און ער האָט איהם אַרויסגעפיהרט פון פּאַלאַץ און גענומען געהן מיט איהם אַזוי ווי דער ווינט וואָלט זיי געטראָגען. אויף'ן וועג פרעגט בערל לעמבערגער דעם וואָס פיהרט איהם:

— אדוני! זאָג מיר, איך בעט דיך, וואָס איז די מעשה מיט דעם מלך, וואָס אַלע נאַכט קומט ער און קיניגט און איטליכער גיט איהם אָפּ גרוים כבוד און דערנאָך צערייסט מען איהם?

זאָגט איהם דער פיהרער:

— זיי וויסען, אַז דאָס איז דער רוצח נירון קיסר. שוין טויזענדער יאָהרען אַז ער איז טויט, אָבער ווייל ער האָט ביי זיין לעבען אַ סך מענשען צעריסען און איז אויך געווען אַ צורר היהודים און האָט נאָר געוואָלט איינגעמען די גאַנצע וועלט און ווערן איין מלך איבער איהר, דערפאַר באַשאַפט מען איהם יעצט יעדע נאַכט פון דאָס ניי, און מען קרוינט איהם פאַר מלכות, און ווי נאָר דער האָן זאָגט אָן, אַז עס איז האַלבע נאַכט צערייסט מען איהם. דאָס איז די שטראָף וואָס גאָט האָט איהם געגעבען, ווייל גאָט באַצאָהלט מדה כנגד מדה. און ווייל דו רעדסט אימער מיט אַזאַ ליבשאַפט פון קידוש לבנה און דעם רבי, דעם צדיק, איז געבליבען אין הימעל, אַז מען זאָל דיך אויספּראָווען, צי איז דאָס דיר טאַקע אַזוי טיף איינגעבאַקען אין האַרצען און צי וועסטו דער דאָזיגער ליבשאַפט זיין געטריי אפילו אין די גרעסטע שלעק, וואָס וועלען אויף דיר אָנקומען. און מען האָט פאַר דיר אויסגעשפּרייט איבער'ן ים די גאַנצע שענקייט פון דעם רב'ס פנים צו קידוש לבנה, האָסטו דאָס גלייך דערקאָנט. און האָט מען דיך אַריינגעוואָרפען אין קאָכעדיגען ים, האָסטו נאָך אין דער לעצטער מינוט געדענקט אָן גאָט און אָן רב און אָן קידוש לבנה. און ווען מען האָט דיך איבערגעענטפערט אין די הענט פון דעם ריז מיט איין אויג אין שטערן — האָסטו אַלץ ניט פאַרגעסען אָן קידוש לבנה.

---

**נירון** (נירו) — דער באַריהמטער אַלט־רוימישער טיראַן נערא (האָט געקיניגט פון 54 ביז 68 נאָך דער קריסטליכער רעכענונג). **מלכות** (מאַלכוס) — קיניג. **שלעק** — קלעפּ, צרות; איינצאָהל — **שלאַק**.

און ווען דו האָסט געזעהן ווי דער פאַנדול וויל פאַרצוקען די קלאָר־ווייסע שאָף, האָסטו זיך פאַר איהר אָנגענומען. און וויסען זאָלסטו, אַז די ווייסע שאָף איז ניט גלאַט אַ ווייסע שאָף, נאָר דאָס איז אַזאַ שאָף, וואָס איז אין גלות זינט דאָס אידישע פאָלק איז אין גלות. און דער שפּיז, וואָס דו האָסט געוואָרפען אין פאַנדול, פליהט איהם נאָך אַלץ נאָך און ווען ער וועט איהם טרעפען אין קאָפּ, דעמאָלט וועלען אַלע מענשען אויפגעריכט ווערען.

ה. שלום עליכם! — עליכם שלום!

און דער פיהרער און בערל לעמבערגער זיינען אַלץ געגאַנגען, ווי דער ווינט וואָלט זיי געטראָגען, ביז מיט אַמאָל רופט זיך דער פיהרער אָן:

— הויב אויף דיינע אויגען!

הויבט בערל לעמבערגער אויף זיינע אויגען, דערזעהט ער, אַז ער איז שוין אין לעמבערג. און איידער וואָס ווען, זאָגט צו איהם דער פיהרער:

— זיי וויסען, אַז איך קאָן מיט דיר ווייטער ניט געהן, און איצט וויל איך דיר אָנזאָגען נאָך איין זאַך: דו ביסט אויסגעשטאַנען אַזוי פיעל נסיונות, שטעה אויס נאָך איין נסיון: זעה, אַז ביז דו וועסט ניט אַריינקומען אין דיין הויז, זאָלסטו ניט אויסרעדען קיין איין וואָרט צו קיינעם, און טאָמער רעדסטו אויס אַ וואָרט מיט עמי־צען איידער דו ביזט אַריין צו זיך אין הויז, וועט מיט דיר זיין שלעכט.

און ווי נאָר דער פיהרער האָט דאָס אָפּגעזאָגט איז ער שוין ניט געבליבען.

און בערל לעמבערגער איז זיך געגאַנגען אַליין איבער די לעמ־בערגער גאַסען און האָט גוט אין זינען געהאַט, אַז ער טאָר מיט קיינעם קיין וואָרט ניט רעדען, ביז ער וועט אַריינקומען צו זיך אין הויז. אָבער ווי נאָר ער איז געקומען פאַר זיין טיר, דערזעהט

אויפגעריכט ווערן—געהאָלפען ווערן קומען צו זיך, ווערן דאס וואס זיי דארפען זיין.

ער זיין ווייב, אַרויסקומענדיג פון טיר. דערפרייט ער זיך זעהר און ער פאַרגעסט זיך אָן אַלץ און רופט אוים:

— וואָס מאַכסטו, פראַדעל ? !

ווי נאָר ער האָט דאָס אַרויסגעזאָגט, האָט דאָס איהם גלייך אַ הויב געטאָן אין דער לופטען, זיבען מייל די הויך, און עס האָט איהם גענומען טראָגען איבער'ן הימעל אַזוי שטאַרק, אַז ער איז שיער ניט צעשאָטען געוואָרען. איז אָבער גראָד דעמאָלט דער רב אַרויסגעקומען מחדש זיין די לבנה: האָבען זיך זיינע אויגען פאַ־נאַנדערגעלויכטען און זיין הויכער שטערן און זיין זילבערנע באָרד האָבען פון זיך אַרויסגעגעבען אַ גרויסע און וואונדערליכע שיין, וואָס מען האָט געקאָנט זעהן פאַר מיילען, און ווי נאָר עס איז געקומען צו „שלום עליכם!" האָט זיך דער אַלטער צדיק דאָס מאָל ניט גע־ווענדט אויף דער ערד צו די, וואָס זיינען געשטאַנען אַרום איהם, נאָר ער האָט אויפגעהויבען זיין וואונדערליך־שיינענדיג פנים אין דער הויך און ער האָט אַרויפגעשריען גלייך צום הימעל:

— שלום עליכם !

האָט די גאַנצע קהלה קדושה גלייך דערפיהלט, אַז דאָ וועט מין הסתם באַלד אַ וואונדער געשעהן. און ווי נאָר זיי הויבען זייערע קעפּ אויף צום הימעל, אַזוי האָבען זיי גלייך דערזעהן אַז אַ מענש פליהט אין דער לופטען און זיי זיינען פאַרציטערט געוואָרען פון שרעק. אָבער דער אַלטער רב האָט זיין „שלום עליכם !" צום הי־מעל שוין אַרויפגעשיקט: האָט דאָס דעם מענשען גלייך גענומען ציהען אַראָפּ ביז ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט לעבען רב און אַ ניט־גע־שעדיגטער איז ער געבליבען שטעהן אויף זיינע פים און אָט איז ער שוין מחדש די לבנה אינאיינעם מיט'ן רב און מיט דער גאַנצער קהלה קדושה. און ער ענטפערט שוין דעם רב :

— עליכם שלום !

זעהען אַלע, אַז דאָס איז בערל לעמבערגער. פאַרשטעהען זיי, אַז מיט איהם האָט מן הסתם אַ גרוים אומגליק געטראָפען און אַז ער

---

מן הסתם (מין האַסטאַם) — מסתמא.

איז דאָס איצט געראָטעוועט געוואָרען דורך׳ן רב׳ס הילף. דערפרייען זיי זיך זעהר. ווילען זיי דאָך אָבער ניט מפסיק זיין, זאָגען זיי צו איהם:

— שלום עליכם!

און ער ענטפערט זיי:

— עליכם שלום! — גלייך ווי ער וואָלט אינאיינעם מיט זיי ביי קידוש לבנה געוועזן גלייך פון אָנהויב.

און נאָך׳ן קידוש לבנה האָט איהם דער רב מיטגענומען צו זיך אַהיים און ער האָט פאַרבעטען דעם גאַנצען עולם, און ער האָט בערלען געהייסען דערצעהלען פאַר דער גאַנצער קהלה קדושה אַלץ, וואָס מיט איהם האָט געטראָפען, כדי אידען זאָלען וויסען, וואָס פאַר אַ גרויסען גאָט זיי האָבען און וואָס עס מיינט מחדש זיין די לבנה מיט אמת׳ער ליבשאַפט און כונה.

---

מפסיק (מאַפּסיק) זיין—איבעררייסען אין מיטען דאַווענען אדער לערנען.

---

„בערל לעמבערגער אָדער קידוש לבנה", פון ד ו ד א י ג נ אַ ט אָ ו ו, איז אַ פאַנטאַסטיש באַאַרבייטע און צונויפגעפלאָכטענע פאָלקס־מעשה. עס קומען אין איהר אַריין עפּיזאָדען, וואָס מען באַגעגענט אין פיעל פאָלקס־געשיכטען, וועלכע אידישע חדר-אינגלאַך דערצעהלען זיך אָדער וועלכע זיינען געדרוקט אין עברי־טייטש ביכלאַך. די עפּיזאָדען מיט׳ן גזלן מיט איין אויג אין שטערן, מיט׳ן פייערדיגען קרייז און מיט׳ן פאַרשאָלטענעם מלך זיינען זעהר גוט באַקאַנט. די פאַרשיידענע עפּיזאָדען זיינען דאָ צונויפגענומען און אָנגעשנירעוועט אויף׳ן ענין פון קידוש לבנה, וואָס איז דער גרונט־מאָטיוו פון דער געשיכטע. לויט אַן אַלטער עברי- טייטש מעשה, מיט וועלכער דער שרייבער האָט זיך צום טייל באַנוצט, איז דער וואונדערליכער רב טאַקע ניט קיין אַנדערער ווי דער גור אריה, דער באַריהמטער פּראַגער רב (דער מהרי״ל), וואָס האָט געלעבט אין זעכצעהנטען יאָהרהונדערט. בערל לעמבערגער איז אַ ריין פאַנטאַסטישער נאָמען.



# שלח לחמך על פני המים

## אָדער

# דער צדיק און די פאַר־כשופ׳טע בת־מלכּה

### א. דער עקדעש

אמאָל איז אין מזרח־לאַנד געוועזן אַ רייכער און וואונדערליכער איד און זיין נאָמען איז געוועזן האָ האָ. און האָ האָ איז געוועזן זעהר אַ גוטער פלעגט געבען א סך צדקה, אָבער קיין שום מענש האָט דערפון ניט געוואוסט, וואָרים ער האָט אַלץ געטאָן דורך זיין געטרייען משרת, און קיין פרעמדער האָט איהם קיינמאָל ניט אָנגעקוקט. דאַוונען פלעגט ער נאָר ביחידות, און האַנדלען האָט ער ניט געהאַנדעלט, וואָרים ער האָט געהאַט געגנוג עשירות. און כאָטש ער האָט פאַר־וואוינט אַ רייכען פּאַלאַץ מיט אָהן אַ שיעור טייערע זאַלען און שאַ־ליעס, פלעגט ער תמיד זיצען פאַרבאָרגען אין זיין קליין חדר׳ל. און

---

**שלח לחמך על פני המים** (שלאַך לאַכמעכאַ אַל פּענעי האַמאַאים)—א פּסוק איז קהלת (קעיהעלעס—**Ecclesiastes**), וואָס זיין טייטש איז: שיק אַרוים דיין ברויט אויפ׳ן וואַסער, **כי ברוב הימים תמצאנו** (קי בערעיוו האַיאַמים טימצאַענו)—וואָרים איז אַ צייט אַרום וועסטו עס צעריק געפינען. דער זין איז: טו גוטס סתם אין דער וועלט אַריין, עס וועט ניט זיין אַרויסגעוואָרפען. **בת** (באַס) **מלכה**—אַ פּרינצעסין. **עקדעש**—אַ מין (פייערדיגער) שלאַנג. (דער עקדעש פאַרנעמט אין אידישע מעשות דאָס זעלבע אָרט, וואָס דער **dragon** פאַרנעמט אין ענגלישע און אַנדערע געשיכטען). **מזרח־לאַנד**—דער אָריענט. **ביחידות** (ביכידעס)—פאַר זיך אַליין, ניט מיט קהל, עס הייסט אינאיינעם מיט די אַנדערע אידען. **שיעור** (שיר)—מאָס (צאָהל).

געהאַט האָט ער נאָר אַן איין איינציגען זוהן יוחנן, וואָרים זיין גע־טרייע ווייב איז געווען טויט.

און אַז דער מענש האָ האָ איז געוואָרען זעהר אַלט, און ער האָט געוואוסט, אַז ער דאַרף שוין שטאַרבען, האָט ער צו זיך גערופען זיין זוהן יוחנן, און ער האָט איהם אָנגעזאָגט אַלץ וועגען זיין הויז און זיין פאַרמעגען, און האָט צו איהם געזאָגט: „מיין זוהן, אָט איך וועל באַלד שטאַרבען, זאָלסטו מיך מקבר זיין לעבען מיינע עלטערן. און אויף מאָרגען נאָך שלשים זאָלסטו באַגינען אַרויס אויף׳ן מאַרק און די ערשטע זאַך, וואָס וועט דיר זיך אָקעגען טרעפען, זאָלסטו אָפּקויפען וואָס פאַר אַ מקח מען זאָל דערפאַר ניט בעטען און זאָלסט עס האַלטען ביי זיך אין שטוב״.

און ווי נאָר דער אַלטער מאַן האָט געענדיגט רעדען, האָט ער אַריינגענומען די פיס אין בעטעל און איז געשטאָרבען. און די שטאָט־לייט האָבען איהם געמאַכט אַ שענע לויה און זיי האָבען איהם באַוויינט, און זיין זוהן האָט נאָך איהם געקלאָגט אַ חודש צייט.

און אַז עס האָט זיך געענדיגט די שלשים האָט יוחנן גערדאַכט דעם אָנזאָג פון זיין פאָטער און ער איז אויפגעשטאַנען גאַנץ פריה און גענומען זיין בונט געלט מיט זיך און ער איז געקומען אין מאַרק און אַוועקגעשטעלט זיך ביים ברעג און געוואַרט וואָס וועט ווייטער זיין. ווי ער שטעהט אַזוי, ערשט עס קומט צוגעהן אַ מענש מיט אַ זילבערנעם בעכער אין האַנט, איז ער צו איהם צוגעגאַנגען און געזאָגט: „פאַרקויף מיר דעם בעכער״. רופט זיך אָפּ יענער: „אַז דו וועסט מיר אַוועקלעגען טויזענד זילבערנע טאַלער, וועל איך איהם דיר פאַרקויפען״. האָט יוחנן׳ען זעהר פאַרדראָסען, פאַר וואָס ער בעט אַזוי טייער, און ער האָט אויסגעשריען: „פאַר אַ כלי, וואָס איז אין גאַנצען ווערט וואָסערע הונדערט גילדען, פאַרלאַנגסטו טוי־

שלשים (שלעישים)—די דרייסיג טרויער־טעג נאָך אַ טויטען, נאָך׳ן אידישען דין. באַגינען—ווי נאָר די זון ווייזט זיך. מקח (מעקאָך)—פרייז. לויה (לעוואיע)—די פראַצעסיע נאָך אַ טויטען, דער כבוד וואָס מען גיט אָפּ אַ טויטען. גערדאַכט—איז זינען גע־האַט. גילדען—אויף אידיש אַ גילדען איז געוועהנליך אַ מטבע (מאַטבעיע), coin, וואָס איז ווערט פופצעהן פון די קלענסטע מטבע׳לאַך, צום ביישפּיל קאָפּיקעס אין רוסלאַנד.

זענד טאָלער ? ניט אַנדערש ביסט חסר דעה !" רופט זיך אָפּ דער פּאַרקויפער: „איך נויט דיך ניט זאָלסט ביי מיר קויפען". און ער האָט זיך אומגעקערט צו איהם מיט'ן רוקען און איז אַוועק. דענסטמאָל האָט זיך יוחנן דערמאָנט, אַז דער פאָטער האָט איהם פאַר'ן טויט אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל די ערשטע קניה ניט אַרויסלאָזען פון האַנט, איז ער נאָכגעלאָפען נאָך'ן מענשען און האָט געזאָגט „נעם ביי מיר פינף הונדערט גילדען, נעם אַכט הונדערט". און דער מוכר האָט געענטפערט און געזאָגט: „דערפאַר, וואָס דו האָסט מיר גלייך ניט געגעבען, וויפיעל איך האָב דיר געזאָגט, וועסטו מיר איצט מוזען באַצאָהלען צוויי מאָל אַזוי פיעל". און יוחנן האָט ווידער ניט געוואָלט געבען אַזוי פיעל, איז זיך דער פאַרקויפער אַוועקגעגאַנגען ווייטער און אויף איהם אפילו קיין קוק ניט געגעבען. און אַז יוחנן האָט דערזעהן, אַז ער קען מיט איהם גאָרנישט ניט מאַכען, האָט ער איהם אָנגעיאָגט און איהם שוין געוואָלט געבען צוויי טויזענד, אָבער דער מענש האָט איהם געענטפערט: „ווייל דו האָסט זיך מיט מיר אַזוי געדונגען, וועל איך דיך קנס'ענען און דו וועסט מיר מוזען באַצאָהלען דריי טויזענד טאָלער". און יוחנן'ען האָט זעהר פאַרדראָסען אָפּצוגעבען אַזאַ הון רב פאַר אַ פּשוט'ן זילבערנעם בעכער, אָבער ער האָט שוין מורא געהאַט אָפּצולאָזען דעם הענדלער, טאָמער וועט ער ווייטער ערגער מאַכען, האָט ער באַצאָהלט פאַר'ן בעכער וויפיעל יענער האָט פאַרלאַנגט און ער האָט איהם געבראַכט צו זיך אַהיים.

דערווייל איז געוואָרען ערב־פסח. אין דער סדר־נאַכט נעמט יוחנן דעם נייעם בעכער און שטעלט איהם אויך אַוועק אויפ'ן טיש צווישען די כוסות. ווי נאָר ער נעמט איהם אָנפילען מיט וויין, ער גיט אַ קוק ערשט אין בעכער איז פאַראַן נאָך אַ בעכערעל, און אַז ער נעמט דאָס בעכערעל אַרויס, ערשט אין דעם דאָזיגען איז פאַראַן

---

קניה (קניע)—איינקויף, דאָס וואָס מען קויפט. מוכר (מעיכער)—דער פאַרקויפער. קנס'ענען (קאַנסענען)—שטראַפירען. קנס (קענאַס)—שטראָף. הון רב (העין ראַוו)—אַ שטיק פאַרמעגען. פּשוט (פּאָשעט)—איינפאַך, פּראָסט. כוסות (קויסעס)—גלעזער אָדער בעכערס (דערהויפּט געהט עס אויף די כלים, פון וועלכע מען טרינקט דעם וויין פּסח צום סדר); איינצאָהל—כוס (קאָס).

נאָך איינס, גאָר אַ קליינס. און אַז ער האָט אויך דאָס דאָזיגע אַרויס־גענומען, ערשט עס שפּרינגט אַרויס פון זיין דעק אַ קליין עקדעשעל. האָט זיך יוחנן לכתחלה שטאַרק דערשראָקען, אָבער דערנאָך האָט ער זיך באַדענקט, אַז דאָ מוז עפּעס זיין און אַז זיין טאַטע, עליו השלום, האָט אודאי געוואוסט וואָס ער האָט געמיינט.

האָט ער פאַר'ן קליינעם אורח'ל, פאַר'ן עקדעשעל, אַוועקגע־שטעלט אַ שיסעלע מיט עסען און מיט טרינקען. און אַז דאָס באַ־שעפעניש האָט זיך אָנגעגעסען צו זאַט און איז געוועזן צופרידען, איז עס צוריק אַריין אין זיין גריבעלע אין בעכערל, און איז אַנשלאָפען געוואָרען.

און יוחנן האָט ניט געפרעגט קיין שאלות און דאָס עקדעשעל געשפּייזט אַ גאַנץ פּסח מיט פּסח'דיגס און נאָך פּסח מיט חמצ'דיגס און ער האָט איהם געגעבען אַלע זיינע באַדערפעני‌שען. אַלע פריה־מאָרגען האָט ער איהם דערלאַנגט מילך צום טרינקען און בוימעל אויף צו וואַשען זיך. און דאָס עקדעשעל איז געוואַקסען ביז עס איז פאַר איהם קליין געוואָרען דאָס גריבעלע פון בעכערל, האָט דער בעל הבית איהם געגעבען אַן אָרט אין אַ גרויסען טאָפּ, איז עס דאָרט אָפּגעוועזן אַ ביסעל צייט ביז דער טאָפּ איז אויך קליין געוואָרען, וואָרים דער עק־דעש איז אַלץ גרעסער און פעטער געוואָרען, האָט יוחנן גענומען אַ גרויסע פאַס און זי געמאַכט פאַר זיין דירה. און דער עקדעש פלעגט שוין אויסטרינקען פינף מאָס מילך אַ טאָג און עסען פלעגט ער ווי אַן אָקס, און זיין אויסקומעניש האָט שוין באַטראָפען אַ היבשע מטבע. אָבער דער בעל הבית האָט איהם געגעבען עסען און טרינקען ניט גע־קאַרגט און האָט קיין מאָל ניט אויסגערעדט די גרויסע הוצאות, וואָס דאָס קאָכט אָפּ.

און דער עקדעש איז געוואָרען אַזוי גרויס, אַז ער האָט שוין פאַרנומען אַ גאַנצע שטוב און אויף אַלעמען פלעגט אָנפאַלען אַ פּחד,

---

לכתחלה (לעכאטכילע)—צוערשט. אורח (עיראַך)—אַ גאַסט. שאלות (שאַי־לעס)—פראַגעס; איינצאָהל—שאלה (שאַילע). דירה (דירע)—וואוינונג. הוצאות (העיצאָעס)—קאָסטען; איינצאָהל—הוצאה. פּחד (פּאַכאַד)—שרעק.

אַז זיי האָבען איהם דערזעהען. אָבער דער בעל הבית האָט פון איהם געדולדיג אַלץ אַריבערגעטראָגען און ער האָט ניט געמינערט זיינע מזונות און דער עקדעש איז אַלץ פעטער געוואָרען, ביז ער איז געוואָרען ווי אַ באַרג די גרויס.

דאָס רעדעלע דרעהט זיך, און יוחנן, וואָס איז פריהער געווען אַזאַ גביר אַדיר, איז פּלוצים געוואָרען זעהר אָרים. די געשעפטען זיינען איהם אונטערגעגאַנגען און טאַקע אויסהאַלטען דעם עקדעש האָט איהם אויך שטאַרק פאַרענגט. האָט יוחנן געמוזט פאַרדינגען זיך צו פרעמדע, און דעסטגלייכען זיין ווייב, און זיי האָבען ווייטער אויסגעהאַלטען דעם עקדעש ווי פריהער. אָבער איצט האָבען זיי שוין אָנגעהויבען קלערען, וואָס וועט זיין דער תכלית און וואָס האָט עס גאָט ברוך הוא געקענט מיינען מיט אָנשיקען אויף זיי אַזאַ מין אַנ-שיקעניש. און אַז יוחנן איז שוין געוואָרען גאָר, גאָר דער גרויסער אביון, איז ער געפאַלען אויפ'ן פנים און געוויינט און תפלה געטאָן צו גאָט :

— רבונו של עולם, פאַרנעם דאָס געבעט פון דיין קנעכט. עס איז דאָך אַנטפּלעקט פאַר דיר, אַז איך האָב אויסגעגעבען מיין גאַנץ פאַרמעגען, כדי צו דערפילען דעם אָנזאָג פון מיין פאָטער, ווי עס איז געשריבען אין דיין תורה. אָבער איצט איז שוין פאַר מיר און מיין ווייב און מיינע בני בית גאָרנישט ניט פאַרבליבען און מיר ליידען הונגער און די דאָזיגע וואונדערליכע חיה ציהט אונז אוים די קלעי פון די ביינער. און דאָ ווייסען מיר אַפילו ניט, צוליב וואָס דו פרואווסט אונז מיט דער דאָזיגער פרואוואונג און צו וואָס דו האָסט דער דאָזי-גער חיה געהייסען וואוינען ביי אונז ?

און גאָט האָט געעפענט דאָס מויל פון דעם עקדעש און ער האָט געזאָגט צו זיין בעל הבית :

---

**מינערן**—פאַרקלענערען. **מזונות** (מעזוינעס)—שפּייז. **גביר אדיר** (געוויר אדיר)—זעהר אַ רייכער מענש. **פאַרענגען**—ענג מאַכען אין געלט. **תכלית** (טאַכלעס)—סוף. **אביון** (עוויען)—אַ גרויסער אָרימאַן. **רבונו של עולם** (ריבעינעי שעל עילאָם)—דו האַר פון דער וועלט. **אַנטפּלעקט**—אָפען, באַוואוסט. **קלעי**—מאַרך.

„מענש, גאָט האָט פאַרנומען דיין געבעט און איך וועל דיך שוין מעהר ניט פייניגען, נאָר איך וועל מיר אַוועק אויף די פעלדער, אין גאָט׳ס ברייטער וועלט. פרעג ניט, ווי מען רופט מיך און וואָס איז מיין סוד, וואָרים עס איז צו הויך פאַר דיר און פאַר יעדען בן אדם. נאָר דאָס יע: איידער איך צעשייד זיך מיט דיר, קענסטו ביי מיר בעטען עפּעס אַ זאַך, וואָס איז דיר שטאַרק טייער, וועל איך עס דיר דערפילען, און דאָס וועט זיין דיין געצאָהלט פאַר דער מיעדיגקייט, וואָס דו האָסט זיך פון מיינטוועגען געמיהט, און זאָל קיין מענש אונטער דער זון ניט קענען זאָגען, אַז ער האָט מיך געדינט אומזיסט".

און יוחנן האָט געענטפערט צום בעל חי און געזאָגט:

„מען דאַרף ניט קיין בעסערע מתנה דערפון, ווי צו הערען אַזאַ באַשעפעניש ווי דו רעדען און נאָך רעדען אויף אַ שפּראַך, וואָס איך פאַרשטעה. נאָר אויב איך האָב געפונען חן אין דיינע אויגען און דו ווילסט מיר טאָן אַ טובה, טו לערן מיך נאָך אויס פאַרשטעהן די שפּראַך פון אַלע חיות און בהמות, וואָס גאָט האָט באַשאַפען אויף זיין וועלט".

און דער עקדעש האָט איהם געענטפערט:

„ווייל דו האָסט קיין אַנדער זאַך ניט געבעטען נאָר קלוגשאַפט, דערפאַר וועסטו אויך האָבען עשירות. קום מיט מיר אין פעלד אַריין, וועל איך דערפילען דיין באַגעהר".

און דער עקדעש האָט יוחנן׳ען אַרויסגעפיהרט פון שטאָט און איהם געבראַכט אין זעהר אַ גרויסען וואַלד, פול מיט אַ סך צווייג-האַפטיגע בוימער פון אַלערליי מינים. און דער עקדעש האָט אַ שמו-צער געטאָן און עס זיינען געקומען צוגעהן גרויסע שלאַנגען אויף פיער פיס, און אין זייערע מיילער האָבען זיי געבראַכט פערל און ברי-ליאַנטען אַ מתנה פאַר׳ן מענשען, אַקוראַט ווי עס איז געווען אין גן עדן איידער אדם הראשון האָט זיך פאַרזינדיגט. און נאָך זיי זיינען גע-קומען לייבען און לעמפּערטען און נאָך זיי העלפאַנטען און איינ-

---

בן אדם (בען אדאַם)—מענשען=זוהן. בעל חי (כאַי)—אַ לעבעדיגע זאַך; עפּעס וואָס לעבט, אבער ניט קיין מענש. שמוצערן—טשמאַקען מיט די ליפּען אַזוי ווי ווען מען רופט אַ חיה.

האָרנס און טשאַטעס וועלף און פוקסען און אַלע חיות און פויגלען פון וואַלד זיינען געקומען און אַלע זיינען געווען אָנגעלאָדען מיט קליידער פון פורפור־וואָל און רויטען זייד און מיט דימענטען, וואָס האָבען גע־פינקעלט פון וויטען אַזוי ווי די שטערן. און דער עקדעש האָט זיין בעל הבית אויסגעלערנט דעם לשון פון אַלע אָנגעקומענע, פון יעדען נאָך זיין מין נאָך, און יוחנן האָט דערזעהן, אַז אַפילו די גרעבסטע און די בעזעסטע חיות וויסען ניט נאָר צו פאַרצוקען, נאָר זיי האָבען אויך שכל אויף צו טאָן גוטס און צו פאַרשטעהן די סודות פון גאָט. און אינאיינעם מיט די חיות זיינען אויך געקומען אַלע בהמות, אָקסען און קיה, שוואַרצע לעמער און ציגען ווייס ווי שניי, און דער וואָלף איז זיך געשטאַנען לעבען דעם שאָף און דער אָקס מיט הערנער האָט זיך געשושקעט מיט'ן לייב און די גאַנצע וועלט איז געווען פול מיט שלום און ברודערשאַפט און אַלע באַשעפענישען צוזאַמען האָבען גע־זונגען אַ שבח צום האַר פון דער וועלט.

און יוחנן האָט זיך אומגעקערט אין זיין הויז און געבראַכט ווע־גען און פוהרען און ער האָט אָפּגעפיהרט אַהיים זיינע טייערע אוצרות און ער איז געוואָרען זעהר רייך, און ער האָט זיך אויסגעבויט פּאַלאַ־צען און שלעסער און זיין נאָמען איז אַרוים איבער דער גאַנצער וועלט, אַז ער איז דער גרעסטער עושר און דער גרעסטער חכם, און ער קען אַלע שבעים לשונות און פאַרשטעהט אויך די שפּראַך פון די חיות און פויגלען און קיין זאַך איז פון איהם ניט פאַרבאָרגען.

ב. אַ לאָק גאָלדענע האָר

און אין יענער צייט האָט איבער דעם דאָזיגען לאַנד געקיניגט אַ גרויסער און אַ שטאַרקער מלך, און זיין מלוכה איז געווען אויסגע־שפּרייט איבער הונדערט־מיט־צוואַנציג מדינות און זיין חיל איז גע־ווען גרוים סאַי אויף דער יבשה און סאַי אויף'ן ים, און אויך האָט ער געהאַט אָהן אַ צאָהל קריג־שיפען און אַקרענטען. נאָר ער איז געווען אַ גערעכטער מלך און ער האָט עהרליך גע'משפּט דאָס פאָלק און ניט

---

טשאַטע—אַ טשערעדע, אַ סטאַדע. פורפור—purple. שבח (שעוואַך)—אַ לויב, אַ לויב־געזאַנג. עושר (עישער)—זעהר אַ רייכער מענש.

געדריקט זיינע אונטערטאַנען מיט קיין צינזען און אָפּצאָהלונגען, און אַלע האָבען איהם זעהר געשעצט און געוואונשען אַל־דאָס־גוטס. נאָר איין זאַך האָט דעם פאָלק אָנגעטאָן גרויס עגמת נפש: זייער געליבטער קיניג האָט קיין מאָל ניט חתונה געהאַט און ניט געהאַט קיין קינדער. און די הערען פון דער מלוכה האָבען מורא געהאַט, אַז אַזוי ווי דער קיניג האָט ניט קיין יורש עצר, איז ווער ווייס צו וועמען די מלוכה קען נאָך אָנקומען נאָך׳ן קיניג׳ס טויט; אפשר וועט זי גאָר אָנקומען אַ שלעכטען מענשען, וואָס איז דערצו ניט ראוי, וועט זיך אין דעם קיניגרייך אָנהויבען אַ קנאה־שנאה און די מדינות וועלען זיך נעמען קריגען צווישען זיך און די גרויסע מלוכה קען נאָך חרוב ווערן. זיינען זיי יעדען טאָג צוגעשטאַנען צום קיניג, אַז ער זאָל זיך אין די שטעט און אויף די אינזלען פון זיין מלוכה, אָדער אַפילו אין אַ פרעמדער מדינה, אָפּזוכען אַן אָרענטליך, שען מיידעל און ער זאָל מיט איהר חתונה האָבען. אָבער דער קיניג האָט פון דעם אַפילו הערען ניט געוואָלט. און אַז זיי האָבען דערזעהן, אַז ער מאַכט זיי צום נאַרען, האָבען זיי געמאַכט יד אחת מיט זיינע שווייצאַרען און וועכטער און זיי זיינען געקומען צו איהם און געזאָגט, אַז אויב ער וועט ניט דערפילען זיין חוב צום פאָלק, וועלען זיי איהם מאַכען פאַר אויס קיניג און אויף דעם כסא המלוכה וועלען זיי אַוועקזעצען דעם זוהן פון וועלכער עס איז געהויבענער משפחה און זאָל ער אויפבויען דאָס לאַנד. און אַז דער קיניג האָט דערזעהן, אַז ער קען מיט זיי גאָרנישט ניט מאַכען, האָט ער זיך באַדענקט און געזאָגט: „איך וועל טאָן ווי איהר פאַרלאַנגט, אָבער וואַרט מיר זיבען טעג, איך זאָל מיך גוט מיישב זיין, מיט וועמען איך זאָל פאַרשניידען אַ זיכער־

---

אונטערטאַנען—subjects. עגמת נפש (אָגמאַס נעפעש)—צער, פאַרדראָס. יורש (יעירעש)—heir; מעהרצאהל—יורשים (יאַרשים). יורש עצר (עצער)—דער קרוין־פּרינץ. ראוי (ראַוי)—פּאַסיג, ווערט. קנאה שנאה (קינע סינע)—אייפערזוכט און פיינדשאַפט, קריגערייען. יד אחת (יאַד אַכאַס)—איין האַנט. חוב (כעיוו)—פליכט, duty. כסא המלוכה (קיסעי האַמעלוכע)—דער קיניגליכער שטול, דער טראָהן. משפחה (מישפּאַכע)—פאַמיליע. אויפבויען דאָס לאַנד—געבען דעם לאַנד אַ קיניגליכען יורש. מיישב (מעיאַשעוו) זיין—באַקלערען, באַדענקען.

הייט און אַוועקזעצען צו מיין רעכטער האַנט". און די האַרען האָבען זיך דערפריייט פון זייער געליבטען קיניג'ס ענטפער און זיי האָבען אויסגערופען: „יחי המלך! יחי המלך!"

און דער קיניג האָט געהאַט אַ וואונדערליכען גאָרטען, וואָס עס איז ניט געווען זיין גלייכען אין דער גאַנצער וועלט, און קיין פרעמדער האָט ניט געטאָרט אין איהם אַריינקומען. האָט דער קיניג געהייסען זיך אָנגרייטען ווייסע קליידער, און ער איז אויפגעשטאַנען גאַנץ פריה און זיך גוט אויסגעוואַשען און גערייניגט זיין גוף און ער האָט געזאָגט צו זיך אַליין: „איך וועל מיר פּאַמעלאַך שפּאַצירען אין גאָרטען, אפשר וועלען מיר די מלאכים פון הימעל אַראָפּשיקען אַ זעהונג, וואָס דערפון וועל איך מיך קענען אָנשטויסען, ווער עס איך זאָל מיר אויסקלייבען פאַר אַ ווייב".

און עס איז אַוועק דער ערשטער טאָג און ער האָט קיין זאַך ניט געזעהן און קיין זאַך ניט פאַרנומען. און ער איז דעם צווייטען טאָג געקומען אין גאָרטען, און ער האָט זיך אַרומגעדרעהט איבער אַלע וועגעלאַך און אַלע שטעגעלאַך, און ער האָט זיך איינגעהערט אין יעדען קוואַל און איינגעקוקט זיך אין יעדען שאָטען. און ער האָט ניט געזעהן קיין שום צייכען און ניט פאַרנומען קיין שום רמז. און דעם דריטען טאָג האָט זיך דער קיניג נאָך מעהר צוגעגרייט און ער איז אויסגעגאַנגען דעם גאַנצען גאָרטען אין דער לענג און אין דער ברייט, און ער האָט גאָרנישט ניט געפונען און אין ערגעץ קיין שום אומגעוועהנליכעס ניט דערשפּירט, וואָס ער זאָל דערפון קענען אַרויסלייענען עפּעס אַ באַשייד פאַר זיין רעטעניש. און אַז עס איז אַוועק דער פערטער טאָג און דער פינפטער און דער זעקסטער און גאָרנישט האָט ניט פּאַסירט, איז דעם קיניג געוואָרען זעהר טרויע־

---

**יחי** (יעיכי) **המלך**—דער קיניג זאָל לעבען! **גוף**—קערפּער. **מלאכים** (מאַלאָכים) מעהרצאהל פון **מלאך**. **זעהונג**—עפּעס וואונדערליכעס, וואָס ווייזט זיך פון הימעל, **vision**. **אָנשטויסען**—פאַלען אויף א געדאַנק. **פאַרנעמען**—באַגרייפען. **רמז** (רע־מעז)—א וואונק, אן אנצוהערעניש. **דערשפּירען**—באַמערקען, אנשלאָגען זיך אויף עפּעס א שפּור (**trace**). **באַשייד**—דערקלערונג, אויפּדעקונג.

ריג אויף'ן האַרצען און ער האָט זיך שוין שיער אין גאַנצען ניט מייאש געווען צו געפינען, וואָס זיין האַרץ זוכט. אָבער דעם זיבעטען טאָג, באַגינען, ווי דער קיניג געהט אַזוי אַרום איבער'ן גאָרטען, פאַרטיפט אין זיינע רעיונות, ערשט איבער זיין קאָפּ איז פון הימעל געקומען צו שוועבען אַן אָדלער און ער האָט אַראָפּגעוואָרפען צו די פיס פון קיניג אַ לאָק וואונדער־שענע גאָלדענע האָר. און דער קיניג האָט עס אויפגעהויבען און פאַרשטאַנען, אַז די, וועמעס האָר דאָס איז, איז די שענסטע טאָכטער פון דער גאַנצער וועלט און זי איז זיין באַשערטע.

און דער קיניג האָט זיך אומגעקערט אין זיין שלאָס אַריין און ער האָט צונויפגערופען זיינע האַרען און זיינע דינער און ער האָט זיי געוויזען די פראַסלע שיינענדיגע האָר און ער האָט צו זיי געזאָגט: „ברענגט מיר דאָס דאָזיגע מיידעל, וואָס פון איהר קאָפּ איז די דאָזיגע האָר, וועל איך זי נעמען פאַר אַ ווייב און זי וועט מיט מיר זיצען אויף מיין טראָן. און אויב איהר וועט דאָס ניט טאָן, איז ניט נאָר וועל איך קיין מאָל קיין חתונה ניט האָבען און קיין קינדער ניט האָבען, נאָר איך וועל נאָך אַראָפּנעמען אייערע קעפּ, דערפאַר וואָס איהר האָט פון מיר געשפּעט.

האָבען זיך די האַרען און די קנעכט זעהר דערשראָקען און זיי זיינען געפאַלען אויף זייערע פּנים'ער און געזאָגט: „אדוני קיניג, דו פאַרלאַנגסט פון אונז צו אַ שווערע זאַך. ווי אַזוי קענען מיר וויסען, וואו די דאָזיגע פאַרשוין געפינט זיך? וואָס איז, געטער זיינען מיר?" אָבער דער קיניג האָט ניט געוואָלט הערען זייער געבעט און ער האָט זיי שטרענג אָנגעזאָגט, אַז זיי מוזען איהם צושטעלען דאָס מיידעל מיט די גאָלדענע האָר. און ער האָט זיי איבערגעלאָזט אַליין און איז אַוועק אַ צע'כעס'טער און אַ פאַרצאָגטער.

האָבען די האַרען און די קנעכט גענומען קלערען וואָס זיי זאָלען דאָ טאָן, רופט זיך אָפּ איינער פון זיי און זאָגט: „אומזיסט אונזער

---

מייאש (מעיאַעש)—זיין זיך—אנווערעז די האפנונג, ווערן פארצווייפעלט. רעיונות (ראַיעינעם)—מחשבות, געדאנקען, meditations; איינצאהל—רעיון (ראַיען). באַשערטע—באַשטימטע פאר א כלה. שלאָס—castle. פראַסלע—פלעכטעל, לאָק. פאַרשוין—א שענהייט. פאַרצאָגט—צערייצט, פארביטערט.

קלערען. מיר אַליין קענען דאָ גאָרנישט ניט מאַכען, אָבער איך קען אַ אידען, וואָס האָט אַ סך יאָהרען געהאַדעוועט אַ ווילד־פרעמדען עקדעש אין זיין שטוב און דורך דעם איז ער געוואָרען אַ גרויסער חכם און אַ גרויסער עושר. און ער באַזיצט אַ פאַרבאָרגענעם כח און ווייס זעלטענע סודות. אָט ער וועט אונז העלפען." און אַלע האָבען געזאָגט: „עס איז זעהר אַ גוטע עצה". און זיי האָבען שנעל געשיקט נאָך יוחנן׳ען און איהם געזאָגט, וואָס זיי פאַרלאַנגען פון איהם. און יוחנן׳ען איז דאָס האַרץ איינגעפאַלען, אַז ער האָט דאָס דערהערט, אָבער ער האָט זיך געשטאַרקט און געזאָגט: „שטעלט מיר אָפּ אַ צייט און איך וועל זעהן, אפשר וועט מיר דער אויבערשטער ביישטעהן, איך זאָל קענען דערפילען אייער פאַרלאַנג". און זיי האָבען געזאָגט: „רעכט! מיר גיבען דיר דריי חדשים צייט, און אויב דו וועסט ביז דענסטמאָל ניט ברענגען די בת מלכה, וואָס דער קיניג באַגעהרט נאָך איהר, זאָלסטו וויסען זיין, אַז ניט נאָר וועלען מיר דיך טויטען, נאָר אויך דיין גאַנץ פאָלק וועלען מיר פאַרטיליגען". און דאָס איז גאָר קיין קאַטאָוועס ניט געווען, וואָרים ניט איין מאָל האָבען שוין אַזעלכע זאַכען פּאַסירט אויף אידען.

### ג. דאָס געזאַנג

און יוחנן איז געקומען צו זיך אַהיים און דערצעהלט זיין ווייב און זיינע קינדער, וואָס עס האָט געטראָפען אין קיניגליכען שלאָס און וואָס מען פאַרלאַנגט דאָרט פון איהם, און ער האָט גענומען דריי לאַבענס ברויט און אַ לאָגעל וואַסער און געלט האָט ער מיט זיך גענומען נאָר צעהן טאַלער, וואָרים ער האָט געזאָגט: „וואָס וועט מיר דאָ העלפען די רייכקייט? אויב גאָט וועט מיט מיר וועלען טאָן אַ נס, קען ער עס טאָן אָהן געלט". און ער האָט זיך צעזעגענט מיט זיינע בני בית און איז אַוועק.

באַגינען איז ער פון שטאָט אַרויס און אַ גאַנצען טאָג האָט ער געוואַנדערט און פאַרנאַכט איז ער אָנגעקומען אין אַ גרויסען וואַלד, וואָס איז געווען אַנדערש פון אַלע וועלדער, וואָס ער האָט ווען עס איז

---

פּאַרטיליגען—פאַרניכטען, אויסראָטען.

געזעהן. ערשט אַ גרויסער הונט, גרעסער פון אַלע, וואָס ער האָט וועץ באַגעגענט, לויפט אַקעגען איהם. און דער הונט איז זעהר הונגעריג און בעט עסען. האָט יוחנן אויפגעעפענט זיין זאַק און איהם געגעבען איינעם פון זיינע דריי לאַבענס און דער הונט האָט איהם איינגעשלונגען אין איין רגע, און ער האָט אויסגעשטעלט זיין צונג און געבעטען נאָך. האָט ער איהם געגעבען דעם צווייטען לאַבען, האָט זיך דער הונט אָנגעגעסען צו זאַט, און ער האָט איהם געדאַנקט און ער איז זיך אַוועקגעגאַנגען ווייטער. און דערנאָך איז געקומען אַ ראָב און אויך ער איז געווען פאַרשמאַכט פון הונגער, האָט ער איהם אָפּגעגעבען דעם דריטען לאַבען, האָט דער ראָב זיך אָנגעגעסען צו זאַט און ער האָט זיך פאַר איהם פאַרנייגט און איהם זעהר שען באַדאַנקט און איז אַוועקגעפלויגען.

און אַז עס איז געוואָרען נאַכט, איז דער וואַנדערער אַנשלאָפען געוואָרען, און אויף מאָרגען־אין־דער־פריה האָט ער אויפגעהויבען זיינע פיס און ער איז דורכגעגאַנגען דעם וואַלד און ער איז געקומען צום ברעג פון אַ גרויסען טייך. און דאָרט איז געשטאַנען אַ פישער און געכאַפּט פיש אין זיין נעץ, און ער האָט זיך אַ קער געטאָן צום אָנגעקומענעם און געזאָגט: „אויב דו ווילסט, קויף ביי מיר אָפּ, בלא ראיה, אַלץ וואָס מיין נעץ וועט אַרויםברענגען, פאַר די צעהן טאָלער, וואָס דו האָסט אין קעשענע". האָט זיך יוחנן פאַרוואונדערט און געקלערט: „פון וואַנען וויים ער, וויפיעל טאָלער איך האָב אין מיין קעשענע? נים אַנדערש, אַז דאָס איז אַלץ אַ גאָט זאַך; לאָמיך טאָקע טאָן, ווי ער וויל". און ער האָט איהם געגעבען די צעהן טאָלער, און דער פישער האָט אַרויסגעצויגען זיין נעץ, ערשט ער האָט געפאַנגען זעהר אַ גרויסען און שענעם פיש. האָט דעם פישער פאַרדראָסען, וואָס ער האָט אַזאַ טייערען פיש פאַרקויפט אַזוי וואָלוועל און ער האָט איהם אַ שליידער געטאָן צו זיינע פיס און איז אַוועק. רופט זיך אָפּ דער פיש צו זיין קויפער: „איך בעט דיך, מיין האַר! דו זעהסט דאָך ווי גרויס איך בין און דו ביסט איינער אַליין.

---

**פאַרשמאַכט**—טרוקען, אָפּגעשוואַכט. **פאַרנייגען זיך**—פאַרבויגען זיך, אַ בוק געבען זיך. **בלא ראיה** (בעלעי רעאיע)—אומגעזעהן, בלינדערהייט. **וואָלוועל**—ביליג.

וואָס טויג דיר, צוליב איין שטיקעל פון מיין גוף מיך קוילענען און אוועקנעמען ביי מיר דאָס לעבען? בעסער וואַרף מיך אַריין צוריק אין וואַסער צו מיינע פריינט און חברים, און איך שווער דיר ביי גאָט, אַז איך וועל דיר קיין מאָל די טובה ניט פאַרגעסען"... און יוחנן האָט רחמנות געהאַט אויף'ן פיש, וואָס בעט פאַר זיין לעבען און ער האָט צו איהם געזאָגט: „גיה צוריק פון וואַנען דו ביסט געקומען און לעב זיך דיר!" און ער האָט דעם פיש צוריק אַריינגעוואָרפען אין וואַסער. און דער פיש האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט די פליגלען און ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ פריילינ געשריי און ער האָט אויפגערודערט אַ גרויסע פאַליע וואַסער און איז אַוועקגעשוואומען.

און יוחנן איז ווייטער געגאַנגען מיט'ן ברעג טייך, פאַרטיפט אין מחשבות, און ניט געוואוסט, וואוהין ער געהט. איז ער גע־קומען צו אַ קליין בריקעל, איז ער איבער דעם אַריבער אויף דער אַנדער זייט טייך. ערשט אַקעגען איהם איז אַ הויכער משופּע'דיגער באַרג, אַזוי הויך, אַז ער פאַרשטעלט כמעט די שיין. האָט ער אויף איהם גענומען קלעטערן מיט די הענט און מיט די פיס און מיט גרויס מאַטערניש איז ער אַרויף אויף זיין שפּיץ, און דאָרט איז גע־ווען געדיכט גראָז און גרין איז געווען ווי אויף די פעלדער פון גן עדן און אַרום און איבער אַלץ איז געווען אויסגעגאָסען אַ טיפע און אַ זיסע רוהיגקייט. איז יוחנן געגאַנגען ווייטער ביז האַלבען טאָג, האָט ער דערזעהן פון ווייטען אַ גאָרטען און אַרום גאָרטען איז אַ פעסטע מויער און איהרע טויערען זיינען פון אייזען. האָט ער זיך אַנידערגעשטעלט לעבען מויער און געוואַרט, אָבער קיינער געהט ניט אַרויס און קיינער קומט ניט אַריין, און דאָ איז ער הונגעריג און מיד פון וועג.

און יוחנן האָט געפּרואווט עפענען אַ טויער, האָט ער ניט געקענט. האָט ער גערופען מיט אַ הויכען קול, אָבער קיינער ענטפערט איהם ניט, און פון אינעווייניג הערט זיך ניט קיין רעדען פון קיין מענשען, קיין הירזשען פון קיין פערד, קיין בילען פון קיין הונט. און עס האָט

---

**קוילענען**—שעכטען, טויטען (מיט אַ מעסער איבער'ן האַלז). **פאַליע**—כוואַליע, wave. **משופּע'דיגער**—אויסגעבויגענער מיט אַ גליטש אַראָפּ.

אויסגעקוקט, אַזוי ווי אַלץ וואָלט געשלאָפען אין אַן אייביגען כישוף.

און די נאַכט האָט אָנגעהויבען צופאַלען און די זון האָט מיט איהר רויטען גאָלד באַגאָסען דעם גאַנצען פּליין און יוחנן איז געזעסען אויף'ן שפּיץ פון אַ ווייסען, געהאַקטען פעלז און זיין קאָפּ איז געווען שווער פון אומעטיגע מחשבות.

ווי ער טראַכט אַזוי, ערשט ער שפּירט, אַז טיף אין דער ערד ריהרט זיך וואָס און אַז דאָס ווינטעלע וואָס פליהט פאַרביי, איז דורכגעוועבט מיט אַ מאָדנעם ציטער. און פלוצים האָט זיך פון צווישען די שטענגעלעך פון גאָרטען דערהערט דאָס געזאַנג פון אַ מיידעל, און אַזוי זיס און עדעל איז דאָס געזאַנג געווען, אַז קיין ילוד אשה האָט אַזוינס קיינמאָל ניט געהערט, און יוחנן איז פאַר גרויס מתיקות און בענקשאַפט געפאַלען אויף זיין פּנים, און ער איז אַנשלאָפען געוואָרען, און ס'האָט זיך איהם גע'חלום'ט, אַז די מלכת שבא שטעהט פאַר איהם אין איהר גאַנצער שענקייט און פּרעכטיגקייט. און ער האָט זיך אויפגעכאַפּט אין דער פריה, ערשט דער גאָרטען איז ווידער שטום אַזוי ווי נעכטען, און קיין זאַך ריהרט זיך אין איהם ניט, און עס איז אין איהם ניטאָ קיין סימן פון לעבען, בלויז דער מאָרגען־שטערן קייקעלט זיך אויף זיין וועג אַלץ העכער און העכער איבער'ן הימעל.

און אַז יוחנן איז געוואָרען הונגעריג, איז ער געגאַנגען און געזוכט און האָט געפונען טייערע פּירות און אַ פרישען קוואַל, האָט ער געגעסען און געטרונקען און געדאַנקט גאָט. און ער איז צעריק אַוועק צו די טויערן פון גאָרטען און אָפּגעוואַרט אַ גאַנצען טאָג, אָבער עס איז אַלץ געווען אומזיסט.

אָבער אַז עס איז געוואָרען אָווענט, האָט זיך ווידער אַמאָל געלאָזט הערען דאָס וואונדערליכע מיידעלשע געזאַנג און דאָס מאָל איז

---

**שפּירען**—מערקען, פיהלען. **מתיקות** (מעסיקעס)—זיסקייט. **מלכת שבא**—די קיניגין פון שבא, מכח וועלכער עס דערצעהלט זיך אין ספר מלכים (מעלאָכים—**Kings**) אַז זי איז געווען אַ וואונדערליכע פרוי און זי איז פון ווייטע לענדער געקומען צו שלמה (שלעימע) המלך. וועגען איהר איז אויך פאַראַן אַ סך אַנדערע לעגענדעס, וואו זי ווערט פאַרגעשטעלט פאַר דער גרעסטער שענהייט. **פּרעכטיגקייט**—הערליכקייט, גרויסאַרטיגקייט.

עס געווען נאָך שטאַרקער און נאָך טיפער און האַרציגער איידער נעכ־טען. און יוחנן'ען האָט זיך געדאַכט, אַז ער הערט עס דעם קול פון שולמית פון שיר השירים.

און דער צדיק איז געפאַלען כורעים און ער האָט תפלה געטאָן צו גאָט און געזאָגט: „האַר פון דער וועלט, דו ווייסט דאָך אַז ניט פון מיינטוועגען אליין בין איך אַוועק פון דער היים, נאָר אויך פון דיין פאָלק ישראל וועגען צו ראַטעווען זיי פון אַ מורא'דיגער גזרה, און דו אין דיין גענאָד האָסט מיך געבראַכט אהערצו און איך ווייס דאָך, אַז די, וואָס דער קיניג באַגעהרט, זיצט דאָרט אינעווענינ. איז על כן, בעט איך ביי דיר, דערפיהר מיך ביז'ן ציעל און לאָ'מיך ניט פאַרשעמט ווערן פון מיין האָפנונג". אָבער דער וואָס זיצט אין הי־מעל האָט איהם ניט געענטפערט, און אין חלום האָט ער איהם אויך גאָרנישט ניט אַנטפּלעקט. און אויף מאָרגען באַגינען זיינען די טויערן געווען פאַרשלאָסען אַזוי ווי פריהער, און יוחנן האָט צו זיך געזאָגט: אומזיסט מיין האַרען דאָ, און מיט אַ ביטער האַרץ האָט ער זיך אומגעקערט אויף זיינע טריט צעריק צום ברעג טייך.

ד. די געבונדענע בת מלכה

און אַז ער איז געקומען צום טייך, האָט ער דערזעהן, אַז אַ גרויסער הונט ליגט אויף'ן ברעג, און ער האָט דערקענט, אַז דאָס איז זיין באַקאַנטער הונט פון אַמאָל, און דער הונט איז צו איהם צוגעגאַנגען און האָט איהם אויף זיין לשון געפרעגט, פאַר וואָס ער איז אַזוי אומעטיג. האָט ער איהם דערצעהלט זיין גאַנץ בי־טער האַרץ וועגען קיניג און דעם פאַרשלאָסענעם גאָרטען. און דער הונט האָט איהם געענטפערט: „עס איז טאַקע אמת, אַז אין דעם

---

**שיר השירים** (האשירים)—**The Song of Songs**. די העלדין פון שיר השירים איז שולמית און מיט די שענסטע פארבען ווערט דארט אויסגעמאהלט די שענקייט פון איהר פנים און די זיסקייט פון איהר קול. **פאלען כורעים** (קערים)—פאלען מיט'ן פנים צום ד'רערד אין גאטספארכטיגער אונטערטעניגקייט. אידען פאלען כורעים יום כפור (יעים קיפער) און שוהל. **ציעל**—צוועק, **goal**, **aim**. **האַרען**—ווארטען, לאנג זאמען.

דאָזיגען גאָרטען זיצט די, וואָס דו זוכסט, און זי איז דאָ אַ געפאַנגענע שוין אַ לאַנגע צייט. און אין דער גאַנצער וועלט איז ניטאָ נאָך אַזאַ יפת תואר ווי זי, און איהרע האָר זיינען ווי די גאָלדענע רויטקייט פון דער פאַרגעהענדער זון, און דער מחבל, דער זוהן פון דעם אשמדאי, האַלט זי פאַרשלאָסען, וואָרים ער באַגעהרט זי צו האָבען פאַר זיין ווייב, אָבער זי וויל איהם ניט הערען".

רופט זיך אָפּ דער צדיק צום הונט: „איך דאַנק דיר פאַר'ן באַשייד פון דעם רעטעניש, וואָס דו האָסט מיר באַשיידט, אָבער ווי אַזוי קען איך צוקומען צו דער, וואָס דער אשמדאי האַלט פאַרשלאָסען, און דאָס איז דאָך ניט אין קיין מענשליכען כח?" רופט זיך צו איהם אָפּ דער הונט: „זאָלסט נאָר קיין מורא ניט האָבען און ניט ציטערן, איך וועל דיך פיהרען מיט אַ פאַרבאָרגענער הייהל, און פון הייהל וועסטו מיט אַ געדרעהטען שטעגעלע קומען אין גאָרטען אַריין, זאָלסטו מיט איהם געהן ביז דו וועסט קומען צו אַ מירמעל־שטיינענעם פּאַלאַץ, זאָלסטו זיך אַוועקזעצען לעבען זיינע טרעפּ. וועט קומען אַ רויטער פויגעל און וועט זיך אַרום דיר אַרומדרעהען זיבען מאָל, איז דעם זיבעטען מאָל זאָלסטו זאָגען: „שדי קרע שטן!", וועט ער נעלם ווערן, און נאָכדעם וועט קומען אַ שוואַרצע סאָווע און זי וועט זיך אויך אַרום דיר אַרומדרעהען, זאָלסטו דריי מאָל אויסרופען: „ואת אלה תשקצנו". וועט זי געבען אַ קראַקע און וועט ניט ניט ווערן. און נאָך זיי וועט קומען דער שפּאַרבער, און נאָך'ן שפּאַרבער די סאַראָקע, און נאָך דער סאַראָקע וועלען קומען די שוואַלב מיט דער קראָה מיט דער פלעדערמויז און אַלע וועלען וואַרפען שטויב אויף דיר, אָבער

---

**יפת תואר** (יעפאַס טעיאַר)—אַ שענהייט. **מחבל** (מעכאַבעל)—דער פאַרדאַרבער, דער טייוועל. **אשמדאי** (אַשמעדאַי)—דער קיניג פון אַלע שדים, דער בעזער גייסט, וואָס שטענדיג גראַבט ער זיך אונטער גאָט'ס הערשאַפט און זוכט צו צעשטערען אַל־דאָס־גוט, וואָס ער טוט, Satan, the fiend. **מירמעלשטיין**—marble. **שדי קרע שטן** (שאַדאַי קעראַ סאָטן)—גאָט, צעריים דעם שטן, ד. ה. דעם אשמדאי (אַ שפּרוך אויף צו פאַרטרייבען בעזע גייסטער). **נעלם** (נעלעם) **ווערן**—נישט ווערן, פאַרשווינדען. **סאָווע**—owl. **שפּאַרבער**—hawk. **סאַראָקע**—magpie. **שוואַלב**—swallow. **פלעדערמויז**—bat. **ואת אלה תשקצנו** (עס עילע טעשאַקצעגו)

דו זאָלסט רופען : „שקץ, שקץ הוא לכם !״ וועלען זיי פֿאַר דיר אַנטלויפען. און דענסטמאָל וועט זיך פֿאַר דיר עפענען אַ סאַזשעלקע וואַסער און וועט וועלען איינשלינגען לעבעדיגערהייט, זאָלסטו זאָגען : „לאָז אָפּ ! לאָז אָפּ !״ און דערנאָך וועט אַ ברענענדיגע פלאַם דיר וועלען אויסברענען די אויגען, זאָלסטו זאָגען : „קער דיך אום ! קער דיך אום !״ וועט די פלאַם אין איין רגע אויסגעלאָשען ווערן, און דו וועסט אויסגעלייזט ווערן. דערנאָך זאָלסטו אויפשטעהן און אָפּגעהן אַ הונדערט טריט, און דענסטמאָל וועט זיך די טיר פון פּאַלאַץ פֿאַר דיר אַליין אויפעפענען און דו זאָלסט אַריין אינעווייניג און געהן פון שאַליע צו שאַליע, זיבען נאָכאַנאַנד, און אין דער זיבעטער וועסטו געפינען דאָס פרינצליכע מיידעל זיצען אַ שלעפערדיגע אויף אַ שטול פון העלפאַנטביין און אַרום איהר איז אַ קרייז פון זיבען פייכטע שטריק. און דו זאָלסט נעמען דעם דאָזיגען שטיין, וואָס די כוואַליע פון טייך וואַרפט דיר אָט אַרויס, און זאָלסט מיט איהם אָנריהרען די שטריק, וועלען זיי אַלע איבערגעריסען ווערן. און דענסטמאָל זאָלסטו אויסרופען : „וואַך אויף ! וואַך אויף !״ דריי מאָל און דאָס מיידעל וועט אויפעפענען איהרע אויגען. אַזוי פיעל, וויים איך, וועט געשעהן, אויב דו וועסט מיך פאָלגען, נאָר צי וועט דאָס מיידעל מיט דיר וועלען געהן, דאָס וויים איך שוין ניט״. און דער הונט האָט יוחנן׳ען צוגעפיהרט צום הייהל און ער האָט איהם באַוויזען איהר לאָך און געזאָגט. „בויג איין דיין קאָפּ און געה אַריין״. און ער האָט זיך מיט איהם צעזעגענט און ער איז אַוועק.

און יוחנן איז געקראָכען אין דער פינסטערער הייהל און געטאַפּט מיט די הענט און מיט די פיס און נאָך אַ שעה פון מאַטערניש האָט ער צעריק דערזעהן די ליכטיגע שיין און דאָרטען זיינען געוועזן טרעפּ און אַז ער איז אויף זיי אַרויף, איז ער שוין געוועזן אין וואונדערליכען

---

שקץ, שקץ הוא לכם (שעקעץ, שעקעץ הוא לאכעם)—ביידע אויבערשטע שפּרוכען זיינען פּסוקים אין דער תורה. זיי געהען אויף טרפה (טרעיפע) פויגלען און חיות. זייער באַטייטונג איז אַז די דאָזיגע זיינען אומרייין און מען דאַרף זיי אויסמיידען. סאַזשעלקע— a pool. אויסלייזען—אויסקויפען, פריי מאַכען, to redeem.

גאָרטען, פול מיט שמעקעדיגע גן־עדן בוימער און אין מיטען שטעהט א פּאַלאַץ פון קלאָרען מירמעל־שטיין. און ער האָט אויפגעהויבען זיינע פיס און גענומען געהן צו איהם. און עס זיינען געקומען צו־פליהען דער רויטער פויגעל און די סאָווע או אַלע אומריינע עופות, ווי דער הונט האָט איהם פאָרגעזאָגט, אָבער ער האָט זיך געשטאַרקט קעגען זיי און זיי האָבען ניט געקענט ביישטעהן קעגען די שמות און די באַשווערונגען, וואָס דער הונט האָט איהם אויסגעלערנט. און דער־נאָך האָט זיך אונטער די זוילען פון זיינע פיס געעפענט אַ סאַזשעלקע, טיף ווי דער ים, און ער האָט איהר אָנגעשריען און דער קוואַל איז פאַרצויגען געוואָרען מיט ערד און באַדעקט געוואָרען מיט גרינעם גראָז, גלייך ווי דאָרט וואָלט גאָר קיינמאָל קיין וואַסער ניט געווען. און די פלאַם האָט געקנאַקט און געצישעט און פאַרברענט יעדעס גרע־זעלע און יעדעס בלאַט, וואָס זי האָט נאָר אָנגעריהרט, אָבער אויך אויף דער פלאַם האָט ער אָנגעשריען, איז זי תוך כדי דבור פאַרלאָ־שען געוואָרען.

און יוחנן האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און איז אַרויף אויף די טרעפּ פון פּאַלאַץ, און שוין פון ווייטען האָט זיך פאַר איהם אויפ־געעפענט די גאָלדענע טיר און ער איז אַריין אין אַ גרויסען זאַל, צווישען צוויי שורות זוילען, און ער איז געווען לעדיג. איז ער אַריין אין אַ צווייטען זאַל, נאָך אַ שענערען פון ערשטען, און אויך דאָרט איז קיינער ניט געווען, איז ער אַריין אין אַ דריטער שאַליע, איז איהר דאַך געווען פון גלאָז און די זון האָט דורך איהם אַריינגעשיינט. און די פערטע שאַליע איז געווען זעהר אַ לאַנגע און נאָך דער לאַנגע־איז געקומען אַ קורצע און נאָך דער קורצער, אַ קיילעכדיגע, און אַז ער איז אַריינגעקומען אין זיבעטען זאַל האָט ער זיך דערשראָקען פאַר דעם, וואָס זיינע אויגען האָבען דערזעהן. און ער האָט דערזעהן די בת מלכה, און זי איז שען ווי די לבנה און זי זיצט און שלאָפט אויף אַ הויכען שטול און איהרע האָר פינקלען אַזוי ווי ריינעם גאָלד און פאַלען

זוילען—soles. צישען—ארויסגעבעז א קלאנג ווי א שלאנג. תוך כדי דבור (טאָף קעדעי דיבור)—אין די רעד; אזוי שנעל ווי דאס ווארט איז ארויסגעזאגט געווארעז. זייל—column, pillar.

אַראָפּ אויף איהרע אַקסלען, און פון ביידע זייטען שטול הויערען צוויי לייבען און קוקען איינער אויף'ן צווייטען מיט אַרויסגעשטעקטע צינגער. און אַרום איהר איז אַ קרייז אויסגעפלאָכטען פון זיבען פייכ־טע שטאַרקע שטריק, יעדע ווי די האַנט פון אַ יאָהריגען קינד די גרעב.

און מיט אַ האַרץ, וואָס האָט געקלאַפּט פאַר וואונדער פון דעם וואָס ער האָט געזעהן, איז יוחנן צוגעגאַנגען צום קרייז. איז ווי ער האָט זיך נאָר צוגעריהרט צו די שטריק מיט זיין שטיין, זיינען זיי



צעשפּרונגען געוואָרען אַזוי ווי עס צעשפּרינגט אַ פּעדימעל פון פלאַקס אַז עס דערשמעקט פייער. און די בת מלכה האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און זי האָט אויפגעעפענט איהרע בלויע אויגען און זי האָט געקוקט אויף יוחנן'ען. און אויך די לייבען האָבען זיך אויפגעשטעלט און זיי האָבען אויפגעהויבען זייערע עקען, אָבער זיי האָבען איהם ניט געטשעפּעט.

און דאָס וואונדערליכע מיידעל האָט אויפגעעפענט איהר מויל און זי האָט דעם שטעהענדיגען לעבען איהר ווייך געפרעגט: „ווער

הויערן—ליגען רוהען.

ביסטו, דו ווייטער מענש, און ווער האָט דיך אַהער געבראַכט, זאָלסט מיך אויסלייזען פון מיין געפאַנגענשאַפט?" און פאַר גרויס וואונ־דער איבער איהר צויבערליכער שענקייט האָט איהם אַפּגענומען דאָס לשון און ער האָט ביי זיך געטראַכט: ניט אַנדערש, אַז זי איז אַזוי שען, ווי דער מוטער חוה'ס טעכטער זיינען געוועזן און דאָ שטעהט ער לעבען איהר און האָט אפילו קיין זאַך ניט צו געבען איהר אַ מתנה אַ חוץ דעם שטיין, וואָס ער האָט אַרויסגעצויגען פון טייך.

און זי האָט צו איהם ווידער גערעדט און געפרעגט: „ווער ביסטו, מיין אויסלייזער?" און ער האָט געענטפערט: „איך בין יוחנן, דער זוהן פון האָ האָ, און איך בין פון דעם פאָלק פון די אידען".

און די בת־מלכה האָט געזאָגט: „זאָל דיין נאָמען זיין געבענטשט! שוין דריי יאָהר אַז איך בין דאָ געבונדען דורך דעם אַשמדאַי און זיין תאוה און בלויז יעדען פאַרנאַכט פלעג איך מיך אויפכאַפּען אויף איין־איינציגער שעה. אָבער איצט האָסטו מיך צעריק צום לעבען געבראַכט, געבענטשט זאָל זיין דיין אָנדענק!"

און נאָך איידער זי האָט געענדיגט רעדען, האָבען זיך פוןביידע זייטען צעעפענט טירען און דורך ביידע טירען האָבען ווי די שטערן אַריינגעשיינט צו זיבען יונגפרויען און זיי זיינען געפאַלען אויף איהר האַלז און זיי האָבען זיך געקושט און עס איז געוואָרען אַ גרויס פרייד.

און אַלע מענשען פון פאַלאַץ האָבען זיך אויפגעכאַפּט און דער פאַלאַץ אַליין האָט זיך אויפגעכאַפּט און איז געוואָרען פול מיט לע־בען און ריהרעוודיגקייט. און די בת מלכה האָט פאַר'ן אורח געהיי־סען גרייטען אַ טיש אין הויף, וואָס אין גאָרטען, און זי האָט איהם מכבד געוועזן מיט די זיסעסטע מאכלים און די טייערסטע ווייַנען.

### ה. גן עדן־וואַסער

און אויף מאָרגען האָט די בת מלכה געהייסען דעם אידען פאַר איהר ווידער ברענגען און זי האָט מיט איהם גערעדט פון חכמה און רעטענישען און יוחנן האָט דערזעהן, אַז זי פאַרשטעהט אַלע זיבעציג לשונות און עס איז ניטאָ אַ זאַך, וואָס זאָל פאַר איהר זיין צו הויך.

---

**תאוה** (טאַיווע)—ליידענשאַפט, די לוסט צו אַ פרוי. **מכבד** (מעכאַבעד) זיין—טראַק־טירען (מיט גוטע עסענס און געטראַנקען).

און אויף'ן דריטען טאָג איז ער געקומען און איהר אויסדער־צעהלט זיין פארלאנג, און ער איז געפאלען צו איהרע פיס און זיך געבוקט און געזאָגט: „גרויס איז דיין גענאָד מיט מיר, דעם וואנ־דערער, וואָס איז ניט ווערט אפילו אין דיין פנים, וואָס לייכט ווי די זון, אריינצוקוקען. זיי וויסען, אז איך בין צו דיר געקומען מיט דער שליחות פון א גרויסען קיניג, וואָס זיין זעלע האָט זיך פון ווייטען באהעפט אין דיין זעלע. דערבארעם זיך אויף מיר און געה מיט מיר אין זיין לאנד און דו וועסט זיצען צו זיין רעכטער האנט אויף זיין כסא מלוכה. וואָרים אויב, חלילה, דו קומסט מיט מיר ניט, איז פאר־שפילט מיין לעבען און אויך דאָס בלוט פון מיין גאנצען פאָלק וועט פארגאָסען ווערן אזוי ווי וואסער, און דו אליין וועסט אויך האָבען אן עברה פאר גאָט".

און די בת מלכה האָט געענטפערט און אזוי געזאָגט: „איך וויים שוין לאנג דיין באגעהר און איך האָב ניט באדארפט, אז דו זאָלסט מיר איהם אנטפלעקען, וואָרים פון זינט דער אָדלער האָט מיין לאָק האָר אריבערגעטראָגען אויף יענער זייט ים, איז פון מיין הארצען פארשטערט געוואָרען יעדע רוה. ניט גרינג איז מיר איבערצולאָזען מיין היים און אוועקגעהן אין א פרעמד לאנד, און ווער וויים, וואָס פאר א נאטור דער קיניג האָט און צי זיין הארץ וועט מיר זיין געפע־לען און זיינע מעשים וועלען זיין אנגעלעגט פאר מיר. אבער דו ביסט מיר געפעלען און איך האָב אויף דיר רחמנות און זאָל זיין מיין לעבען פאר דיין לעבען און פאר'ן לעבען פון דיין פאָלק. אָבער איין זאך בעט איך פון דיר: ביים ברעג טייך, וואו דו ביסט פארבייגעגאנגען, האָט מיין פאָטער, דער מלך, נאך מיט א דור פריהער פארלאָרען א טייערען דימענט און עס האָבען איהם שוין געזוכט מאטראָזען און טויכער און זיי האָבען ניט געפונען און פאר הארץ־וועהטאָג איז ער אזש געשטאָרבען. איז אויב דו וועסט דעם שטיין געפינען און מיר

---

מעשים (מאַיסים)—טואונגען, פיהרונגען. טויכער—מענשען, וואס קענען זיך אראפלא־זען אויפ'ן גרונט פון א טיפען טייך אדער ים אום דארט פערעל שעפען.

.divers

איהם ברענגען, געה איך מיט דיר, ווי דו פאַרלאַנגסט: אָבער אויב ניט, בין איך פריי ניט צו טאָן דיין ווילען און דו וועסט זיך אומקערען ווי דו ביסט געקומען".

און יוחנן האָט געזאָגט: „פון דיינטוועגען וועל איך טאָן אַלץ אין דער וועלט, זאָל מיר נאָר גאָט אַזוי העלפען". און ער האָט זיך מיט איהר צעזעגענט און ער איז געקומען צום ברעג טייך. ערשט אַ פיש קומט צו איהם צעשווימען און ער הויבט אַרויס זיין קאָפּ פון'ם וואַסער־שפּיגעל און זאָגט: „איך זעה, ווי דו ביסט פאַר'דאגה'עט, וואָס איז דיין באַגעהר?" און דאָס איז געווען דער פיש, וואָס יוחנן האָט אָפּגעקויפט פאַר צעהן טאָלער, אָבער ער האָט איהם געלאָזט לעבען. און ער האָט איהם דערצעהלט וועגען דעם קיניג'ס איינגעזונקענעם דימענט און ווי עס געהט איהם אין לעבען איהם צו קריגען. און דער פיש האָט געזאָגט: „עס איז זעהר שווער דאָס צו דערווייזען, וואָרים דער דאָזיגער טייך ציהט זיך ביז צום ים אוקינוס: אפשר האָט איהם איינער פון מיינע חברים אין ים פאַרטראָגען אָדער אין זיינע געדערים איינגעשלונגען און מיר פישען זיינען דאָך אָהן אַ שיעור און אָהן אַן ערך מעהר ווי אַלע אַנדערע באַשעפענישען. נאָר פון דעסטוועגען דאַרפסטו ניט פאַרלירען די האָפנונג: איך געדענק דעם חסד, וואָס דו האָסט מיט מיר אַנומעלט געטאָן, און אַחוץ דעם, האָט דאָך גאָט, ווען ער האָט באַשאַפען זיין וועלט, אָנגעזאָגט, אַז איהר מענשען זאָלט איבער אונז געוועלטיגען. וועל איך טאַקע געהן צופאַלען צו אונזער גרויסען קיניג, דעם לויתן, און וועל ביי איהם בעטען אַן עצה און אַ הילף. און איצט געה אַוועק פון דאַנען און קום צעריק אין דריי טעג אַרום נאָך אַ תשובה". און נאָך איידער ער האָט געענדיגט רעדען, האָט ער שוין זיך אַרונטערגעטונקט אונטער'ן וואַסער.

און דער פיש האָט זיין שליחות דערפילט בשלמות און ער האָט געפונען חן אין די אויגען פון לויתן און ער האָט אַרויסגעגעבען אַ באַפעל, אַז מען זאָל אויפזוכען דעם דימענט. און אויף'ן דריטען טאָג

---

**אוקינוס** (אוקיאַנעס)—אָקעאַן. **ערך** (עראַך)—פּראָפּאָרציאָן, אָפּשאַצונג. **אַרונטערטונקען זיך**—אַראָפּלאָזען זיך אונטער'ן וואַסער־שפּיגעל. **בשלמות** (בישלעימעס)—ווי עס געהערט צו זיין, פולשטענדיג, **to perfection**.

האָבען זיינע שלוחים דעם דימענט געפונען ליגענדיג אויף'ן דעק פון דעם ברונים פון מרים הנביאה.

און צו דער באַשטימטער צייט איז יוחנן ווידער געקומען צום ברעג און ער האָט מיט אַ קלאַפּענדיג האַרץ איין מאָל אויסגערופען: „קום אַהער, פיש!" האָט ער זיך ניט געוויזען און אַ צווייטען מאָל „קום אַהער, פיש!" האָט ער זיך ניט געוויזען; און אַז ער האָט אַ דריטען מאָל אויסגערופען „קום אַהער, פיש!" האָט זיך אַ קאָפּ אַרויסגעשטעקט איבער דער וואַסער־פלאַך, און ער האָט אויסגעשפּיעט דעם דימענט אויף דער יבשה און דער פיש האָט זיך תיכף צוריק אַראָפּגעלאָזט אונטער'ן וואַסער, כדי ער זאָל קיין דאַנק ניט הערען!

און יוחנן האָט געכאַפּט דעם דימענט און ער איז געקומען פאַר דער בת מלכה, וואָס האָט שוין אויף איהם געוואַרט, און ער האָט פאַר איהר אַוועקגעלעגט דעם שיינענדיגען שטיין און זי האָט איהם געליבט און זי האָט זיך שטאַרק דערפרייט, און זי האָט געזאָגט: „ווי באַלד אַז דו האָסט שוין יע אַזאַ כח, וואָס קיין מענש פאַרמאָגט עס ניט, וועל איך ביי דיר בעטען נאָך איין זאַך: דו זעהסט מיין גאָרטען? עס פעלט אין איהם קיין זאַך ניט, וואָרים דאָס איז דער גן עדן התחתון. אָבער צום גן עדן העליון קומט ער ניט און איך מוז פון דאָרטען עפּעס קריגען. דו ביסט דאָך אַזאַ גוטער, טאָ קריג מיר פון דאָרטען אַ פלאַש וואַסער!" און יוחנן האָט געוואוסט, אַז דאָס איז ניט מעגליך, וואָרים קיין מענש, אויסער חנוך און אליהו

---

דער ברונים פון מרים הנביאה (מיריאם האנוויע)—עס דערצעהלט זיך אין דער ביבעל, אַז ווען די אידען האבען געוואנדערט אין דער מדבר, האבען זיי אין אַן ארט געפונען וואסער און עס אַ נאמען געגעבען באר מרים, עס הייסט דער ברונים פון דער פראפעטין מרים, משה רבינו'ס שוועסטער. וואַסער־פלאַך—וואסער־שפּיגעל. גן עדן התחתון (האטאכטן)—דער אונטערשטער גן עדן, וואס אויף דר'ערד. גן עדן העליון (האעליען)—דער אויבערשטער גן עדן, פון די אויבערשטע וועלטען. חנוך (כאנעיך)—עס ווערט וועגען איהם דערצעהלט, צווישען די ערשטע געשיכטען פון דער ביבעל, אַז ער איז פּלוצים ניט געווארן, ווייל גאט האט איהם צוגענומען צו זיך, און עס הייסט דאס ער איז לעבעדיגערהייט אין הימעל ארויף. וועגען אליהו הנביא (עליאהו—Elijah the Prophet) ווערט דערצעהלט אין ספר מלכים ב' (2 Kings), דאָס ער איז אין אַ פייערדיגען קאַראַטע אין הימעל אַרויף.

הנביא, קען לעבעדיגערהייד אין גן עדן ניט אריינקומען, אָבער ער האָט זיך געשטאַרקט און געזאָגט: „איך וועל תפלה טאָן צו גאָט, אפשר וועט ער מיר ווידער ביישטעהן און פון אייביגען וואַסער אויך צושיקען".

און ער איז פון איהר אוועק און ער האָט אויפגעהויבען די אויגען צום הימעל, ערשט יענער ראָב, וואָס אַנומעלט האָט ער איהם אָנגעקראָמעט, קומט צו שוועבען און הויערט אַקעגען איהם, און דער ראָב רופט זיך אָפּ: „גאָט האָט פאַרנומען דיין קול און ער האָט מיך געשיקט דערפילען דיין געבעט. נעהם דיר צוויי גלעזער און בינד זיי מיט אַ פאָדים צו צו מיין האַלז און וואַרט זיבען טעג, וואָרים פון דאַנען ביז'ן גן עדן איז אַ מהלך פון פינף הונדערט יאָהר. און אויף'ן זיבעטען טאָג וועל איך דיר ברענגען דאָס וואַסער, וואָס די בת מלכה פאַרלאַנגט".

און יוחנן האָט אַזוי געטאָן און דער ראָב האָט אויפגעהויבען זיינע פליגלען און ער האָט אַוועקגעשוועבט אין דער הויך. און די גאַנצע זיבען טעג האָט יוחנן'ס האַרץ געשוועבט צווישען מורא און האָפנונג, וואָרים ער האָט געוואוסט, נאָך פון די צייטען פון נח'ן, אַז אויף'ן ראָב קען מען זיך ניט פאַרלאָזען. אָבער דער ראָב האָט געהאַלטען וואָרט, און אויף דעם זיבעטען טאָג אין דער פריה איז ער געקומען מאַט פון וועג און אין די גלעזער איז געווען קוועליג וואַסער פון גן עדן און עס האָט אויסגעזעהן ווי קרישטאָל, און שוין פון ווייטען האָט מען אין דעם געשפּירט אַ דערקוויקונג.

און יוחנן האָט דעם פויגעל באַדאַנקט און איהם געבענטשט און מיט אַ פריילּיך האַרץ איז ער געקומען צו דער בת מלכה און איהר

---

פון די צייטען פון נח'ן (נעיאַד) —נח האָט פון זיין קאַסטען אַרויסגעשיקט צוויי שלוחים, אַ ראָב מיט אַ טויב, צו זעהן וואָס הערט זיך אויף דער ערד, צו ווערט זי שוין טרוקען אָדער ניט. די טויב האָט איהר שליחות ריכטיג דערפילט, דער ראָב — ניט. דערקוויקונג—דערפרישונג. באַלעבונג.

דערלאַנגט דאָס וואַסער און זי האָט אויפגעלויכטען און געזאָגט:
„איצט געה איך מיט דיר!"

## ו. יוחנן'ס צואה

און די בת מלכה האָט געהייסען און מען האָט פאַר איהר אָנ־געזאָטעלט דריי קעמלען, און זי האָט מיט זיך גענומען זיבעציג וועכטער און צוויי פון איהרע יונגפרויען און דריי פון איהרע דינסטען און זיי זיינען אוועקגעריטען אין'ם וויטען לאַנד און יוחנן איז געוועזען זייער פיהרער. און זיי זיינען געפאָהרען איבער ימים און מדינות און צום סוף פון די באַשטימטע דריי חדשים זיינען זיי גע־קומען אין דעם קיניג'ס מלוכה. און אַז דער קיניג האָט דאָס דער־הערט, איז ער קעגען דער בת מלכה ארויס מיט פערד און רייטווע־גען און מיט די פאָהנען פון זיין לאַנד און אַ גרויס פאָלק האָט איהם באַגלייט מיט גרויס פּאַראַד. און אַז די בת מלכה האָט פון וויטען דערזעהן דעם קיניג, האָט זי גענומען אַ דעקטוך און מיט איהם צו־געדעקט דאָס פנים. אָבער אַפילו דורך'ן דעקטוך האָט איהר פנים דורכגעשיינט ווי דער מאָרגענשטערן און דאָס גאַנצע פאָלק האָט געשריען פאַר פרייד, וואָרים אין דער גאַנצער וועלט איז ניט געזעהן געוואָרען אַזאַ שענע פרוי. און אַז זי איז פאַרבייגעריטען אויף איהר הויכען קעמעל אונטער איהר לאַנגען שלייער, האָט זי אויסגעקוקט אַזוי ווי אַ טאָכטער פון הימעל, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ וואוינען אויף דער ערד צווישען מענשען.

און דערנאָך האָט דער קיניג יוחנן'ען, דעם זוהן פון האָ האָ, דערהויבען איבער אַלע פון זיינע האַרען און ער איז געוואָרען זיין נאָ־הענטסטער חבר און אַזוי ווי אַ ברודער צו איהם. און די אַנדערע האַ־רען האָבען יוחנן'ען מקנא געוועזען זיין גדולה און זיי האָבען זיך צונויפ־געזעדט און געמאַכט אַ בונט. און זיי זיינען אויפגעשטאַנען ביי נאַכט און איהם דער'הרג'עט. און אַז דער קיניג האָט דאָס דער־

---

מקנא (מעקאַנע) זיין—ניט פארגינען, אייפערזיכטיג זיין, to envy. גדולה (געדולע) —גרויסקייט.

הערט, איז ער פּאַרציטערט געוואָרען, און אַז די קיניגין איז גע־קומען צולויפען, האָט זי געזאָגט: „מיין גוטער קיניג, זיי גע־טרייסט, איך האָב אַ רפואה פאַר איהם!”

און זי האָט באַפוילען און מען האָט דעם הרוג אַרויפגעלעגט אויף אַ בעטעל און זי האָט גענומען פון דעם גן עדן וואַסער און אָפּגע־וואַשען די וואונד און זי איז אויף׳ן שטעל פאַרהיילט געוואָרען און זי האָט גענומען איהר פאָטער׳ס דימענט און זי האָט איהם צעמאָלען אויף מעהל און צעמישט מיט׳ן וואַסער און דעם הרוג אַריינגעגאָסען אין מויל און ער האָט גלייך צעריק לעבען געקראָגען און ער האָט זיך געשטעלט אויף די פיס.

און דער קיניג האָט זיין קיניגין נאָך מעהר ליב געהאַט און יוחנן׳ס שונאים האָט ער באַשטראָפט און יוחנן׳ען האָט ער נאָך גרע־סער געמאַכט און ער האָט אַרויסגעשיקט שטאַפעטען איבער אַלע זיינע מדינות, אַז מען זאָל אומעטום עהרליך האַלטען די אידען, דאָס פאָלק פון יוחנן.

און יוחנן האָט געלעבט אַ סך יאָהרען אין עושר און אין כבוד און ער האָט דערלעבט זעהן זיהן און אייניקלאַך ביז צום פערטען דור.

און אַז ער איז געשטאָרבען האָבען די יורשים געזוכט און גע־מיינט, אַז זיי וועלען פון איהם געפינען אַ גרויסאַרטיגע און אַ לאַנגע צוואה. אָבער זיי האָבען גאָרנישט ניט געפונען אַחוץ איין שטי־קעלע פּאַרמעט, וואו עס איז געווען אָנגעשריבען דער פסוק פון קהלת: „שלח לחמך על פני המים כי ברוב הימים תמצאנו” — שיק אַרויס דיין ברויט אויף׳ן וואַסער, וואָרים אין אַ צייט אַרום וועסטו עס צעריק געפינען.

---

שטאַפעטען—שנעלע אנזאגען, באפעלען, **dispatches**. עהרליך האַלטען—אכטען, רעספעקטירען. צוואה (צאוואע)—אן אנזאג פון א שטארבענדען צו זיינע יורשים.

פּאַרמעט—**parchment**.

די אויביגע פּרעכטיגע געשיכטע איז אַ כאַראַקטעריסטיש מערכען אָדער **Fairy Tale**. מעהרערע איינצעלהייטען דערמאָנען אין די מערכען פון פאַרשיידענע פעלקער, אָבער דער הויפּט־געדאַנק, די מאָראַל פון דער מעשה, די גאַנצע באַפּאַרבונג ווי אויך פיעל איינצעלהייטען זיינען עכט אידיש. די געשיכטע איז אויך ניט קיין איינצעלנע אין איהר מין; עס פעהלען בּיי אידען קיין מעשות ניט מכח גוטע און פרומע לייט, וואָס זייענדיג גוט צו פישען און חיות, זיינען זיי פון זיי גרויסאַרטיג באַפרידיגט געוואָרען.

די געשיכטע אין איהר איצטיגער פאָרמע שטאַמט פון אַ אידיש־פראַנצויזישען מאַנוסקריפּט און ווערט דאָ כמעט ווערטערליך איבערזעצט פון בערדיטשעווסקי'ס „מאוצר האגדה".



# דער כח פון תשובה

אָדער

# די מעשׂה מיט די צוויי שותפים

---

## א. דער פאַלשער פעטער

אַמאָל איז אין קראָקע געווען אַ יתום, וואָס האָט ניט געהאַט ניט קיין טאַטען און ניט קיין מאַמען. איז איהם דערפאַר געווען זעהר ביטער, ווייל ער האָט ניט געהאַט ווער עס זאָל אויף איהם אַכטונג געבען, ווער עס זאָל איהם אין חדר שיקען, ווער עס זאָל איהם געבען עסען און קליידען. האָט זיך ערגעץ אָפּגעזוכט אַ פעטער, אַ קצב, און האָט גענומען דעם יתום צו זיך, און ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט אויף איהם רחמנות, ער וויל אויף איהם אַכטונג געבען, ער וויל איהם אין חדר שיקען, ער וויל איהם געבען עסען און קליידען. דער פעטער איז אָבער געווען אַ שלעכטער מענש, און ער האָט גענומען דעם יתום צו זיך, ווייל ער־האָט געוואָלט האָבען אַן אומזיסטיגען אַרבעטער. האָט ער דעם יתום גאָר אין חדר ניט געשיקט און האָט איהם געלאָזט אומגעהן אָפּגעריסען און הונגעריג און יעדען פריהמאָרגען פלעגט ער איהם אויפוועקען, אַז ער זאָל אַ הונגעריגער אַרויסגעהן פאַרקויפען פלייש אין די גאַסען. (ווייל דע-

---

שותף (שוטעף)—partner ; מעהרצאהל—שותפים (שוטפים) ; שותפות (שוטפעס)—partnership. אַכטונג—זארג, אפהיטונג ; אַכטונג געבען — זארגען, אָפּהיטען. קצב (קאצעוו)—a butcher ; מעהרצאהל—קצבים (קאצאווים).

מאָלט איז געווען אַ מאָדע, אַז די קצבים זאָלען דאָס כשר'ע פלייש אַרומשיקען אין די הייזער מיט שיק־אינגלאַך). און טאָמער פלעגט דער יתום איינלייזען וועניג געלט, האָט איהם דער פעטער געשלאָגען און די מומע האָט איהם געשאָלטען און ·געלאָזט שלאָפען אויף דער הוילער ערד. שפּעטער האָט דער פעטער אַריינגענומען צו זיך נאָך אַ יתום, האָט ער יענעם אויך אַזוי געמאַטערט. און עס איז ניט געווען קיינער, וואָס זאָל זיך אויף די יתומים דערבאַרעמען, ווער עס זאָל זיי כאָטש אַ גוט וואָרט זאָגען.

אַ גאַנצען טאָג, זומער אין די היצען און ווינטער אין די קעלטען און שנייען, פלעגען זיך די צוויי יתומים אַרומטרייבען איבער באַזונדערע גאַסען מיט שווערע קערב פלייש, און ערשט אין אָווענט פלעגען זיי זיך צוזאַמענקומען מידע און הונגעריגע און אין דער שטיל זיך אויסוויינען איינער פאַר דעם צווייטען און אויסגיסען זייערע ביטערע הערצער.

ב. די ערשטע עברה

איינמאָל האָט געטראָפען, אַז דער פעטער האָט די יתומים גאָר אינגאַנצען ניט געלאָזט שלאָפען. ער האָט זיי גענויט אַ גאַנצע נאַכט אַרבעטען אין שעכט־הויז אָהן עסען, און ווען זיי זיינען אין דער פריה געקומען צו דער מומען מידע און אויסגעהאָרעוועטע און האָבען געבעטען עסען, האָט זי זיי נאָך געשלאָגען און אַרויסגעטריבען מיט געשרייען:

— געהט גיך אין יאַטקע און נעמט די צוויי קערב פלייש, וואָס שטעהען שוין דאָרט אָנגעגרייט און טראָגט זיי פאַרקויפען, און ערשט, אַז איהר וועט דאָס גאַנצע פלייש פאַרקויפען, וועט איהר קריגען עסען.

איז זיך מיישב דער עלטערער פון די יתומים און טראַכט:

---

**נויטען**—צווינגען, מאַכען טאָן עפּעס איבער גוואַלד. **יאַטקע**—אַ פלייש־קראָם. **מיישב (מעיאשעװ) זיין זיך**—באַקלערען זיך, איבערלעגען זיך, פּאַלען אויף אַ פּלאַן.

— ביז ווי לאַנג נאָך וועל איך זיך אַזוי לאָזען פלאַגען ?

און ער איז אַוועק אין יאַטקע נאָך דעם קאָרב פלייש, אָבער אינאיינעם מיט דעם קאָרב כשר'ען פלייש האָט ער אויך בגנבה מיט־גענומען אַ גרויס שטיק טרפה פלייש.

און דער שטן האָט איהם געהאָלפען און ער האָט פאַרקויפט דאָס טרפה פלייש פאַר כשר'ע, און האָט דערפאַר אָפּגעלייזט גוט געלט, ווייל דער שטן האָט געהאָלפען.

דאָס געלט, וואָס ער האָט איינגעלייזט פאַר די טרפה פלייש, האָט ער זיך אַראָפּגענומען און דאָס איבעריגע האָט ער אָפּגעגעבען דעם פעטער און האָט זיך ניט וויסענדיג געמאַכט. נאָכדעם האָט ער געוואַרט ביז זיין חבר וועט קומען אַהיים, און ווי נאָר זיין חבר איז געקומען האָט ער איהם גלייך גענומען מיט זיך ערגעץ אין אַן אַנ־דער גאַס. דאָרט האָט ער געקויפט ברויט און קעז און ביר און זיי האָבען זיך גוט אָנגעגעסען.

און ווען דער חבר האָט איהם געפרעגט :

— וואו האָסטו גענומען געלט ?

האָט ער איהם געענטפערט :

— איך האָב היינט געפונען געלט. און ווייל מיר זיינען דאָך געטרייע חברים, דעריבער איז דאָס געלט דיינס אַזוי גוט ווי מיינס. זעה דו זאָלסט פון דעם נאָר קיינעם ניט דערצעהלען.

האָט איהם דער חבר צוגעזאָגט, אַז ער וועט קיינעם ניט דער־צעהלען און זיי האָבען זיך ביידע זאַט אָנגעגעסען און זיי זיינען פון דעם געוואָרען אַזוי פרייליך, אַז זיי האָבען אַזש געוויינט פאַר פרייד.

אויף מאָרגען זיינען זיי געגאַנגען אויף אַן אַנדער גאַס, און האָ־בען ווידער געקויפט ברויט מיט קעז מיט ביר און האָבען זיך ווידער זאַט אָנגעגעסען. און ווען זיי האָבען שוין מעהר קיין געלט ניט גע־האַט, האָט דער עלטערער ווידער גע'גנב'עט אַ גרויס שטיק טרפה פלייש און האָט עס צעהאַקט אין שטיקער און אויסגעמישט עס מיט'ן כשר'ן. און דער שטן האָט איהם ווידער געהאָלפען, האָט ער דאָס ווידער פאַרקויפט פאַר כשר'ס און ער האָט דאָס מאָל איינגעלייזט

---

בגנבה (ביגנעניווע)—גע'גנב'עטערהייט ; וועז קיינער האט ניט געזעהן. טרפה (טרעיפע).

נאָך מעהר געלט ווי פריהער. און ווייל דער שטן האָט איהם אַזוי גע־האָלפען, איז ער ביי זיך גאָר געוואָרען אַ קלוגער און אַ בעל תכלית און ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז ער זאָל יעדען טאָג צו׳גנב׳ענען אַ שטיק טרפה פלייש און זאָל עס פאַרקויפען פאַר כשר׳ע, וועט ער דערפאַר יעדען טאָג קענען קויפען עסען פאַר זיך און פאַר זיין חבר, און וועט נאָך קענען אָנקלייבען געלט. און ער האָט געטאָן, ווי ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט, ווייל דער שטן האָט איהם גע־האָלפען.

און ווען זיין חבר האָט איהם ווידער געפרעגט:

— וואו נעמסטו געלט?

האָט ער איהם אַלץ געענטפערט:

— איך האָב געפונען.

### ג. די זינדיגע שותפות

איינמאָל האָט זיך דער חבר צו איהם צוגעזעצט און גענומען זאָגען:

— מיין ליבער חבר, זאָג מיר דעם ריינעם אמת — וואו נעמסטו דאָס אַלע טאָג אַזוי פיעל געלט? עס איז ניט אמת, וואָס דו זאָגסט, אַז דו געפינסט, ווייל אַ מענש געפינט ניט אַלע טאָג געלט אין די גאַסען, עס קאָן זיך טרעפען איין מאָל, צוויי מאָל, אָבער ניט אַלע טאָג. דו ווייסט דאָך גאַנץ גוט, דאָס קיין געטרייערען חבר פון מיר האָסטו ניט אין דער גאַנצער וועלט. דו האָסט ניט קיין טאַטע־מאַמע און איך האָב ניט קיין טאַטע־מאַמע, דו ביזט עלענד ווי אַ שטיין און איך בין עלענד ווי אַ שטיין, דו האָסט קיינעם ניט נאָר מיך און איך האָב קיינעם ניט נאָר דיך. טו פאַר וואָס זאָלסטו מיר ניט זאָגען דעם גאַנצען אמת?

זאָגט צו איהם דער עלטערער:

— גיב מיר אַ תקיעת כף, אַז דו וועסט קיינעם ניט דערצעה־לען, וועל איך דיר זאָגען.

האָט איהם דער אינגערער געגעבען אַ תקיעת כף, האָט איהם דער עלטערער דערצעהלט די גאַנצע מעשה און האָט אויך איהם

---

בעל תכלית—אַ פּאַרזאָרגער, איינער וואָס פאַר׳דאגה׳ט אויף שפּעטער.

אויסגעלערנט ווי אַזוי ער זאָל דאָס טאָן. נאָר כדי עס זאָל זיי זיין גרינגער צו פיהרען דאָס זינדיגע געשעפט, האָבען זיי ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז איינער פון זיי זאָל זיך צוקריגען מיט'ן פעטער און זאָל אַוועקגעהן אַרבעטען צו אַן אַנדער קצב, וועט איינער קאָנען גנב'ענען דאָס טרפה פלייש דאָ און דער אַנדערער וועט קאָנען גנב'ענען טרפה פלייש דאָרטען.

האָבען זיי אַזוי געטאָן און דער שטן האָט זיי אין אַלץ צוגעהאָלפען און די צוויי יתומים האָבען גענומען פיהרען זייער געשעפט גרויס, און זיי האָבען אַזוי אָפּגענאַרט אַלע אידען, און זיי האָבען אַזוי טרף געמאַכט די גאַנצע שטאָט. און זיי האָט אַלץ געגליקט, ווייל דער שטן האָט זיי געהאָלפען.

און אַז זיי האָבען אָנגעקליבען אַ פּאָר הונדערט גאָלד־שטיק האָט זיי דער שטן געגעבען אַן עצה, זיי זאָלען אַרויסלאָזען אַ קלאַנג, אַז איינער פון זיי האָט געפונען עטליכע הונדערט גילדען.

האָבען זיי אַזוי געטאָן.

און אַז איינער האָט עטליכע הונדערט גילדען, דאַרף ער דאָך שוין ניט זיין ביי יענעם אַ משרת, ער קען דאָך שוין אַליין ווערן אַ קצב.

האָט ער גענומען זיין חבר צווישען מענשען און האָט פאַר אַלעמען אין די אויגען צו איהם אַזוי געזאָגט:

— מיין ליבער חבר! ווייל מיר זיינען ביידע יתומים, מיר זיינען ביידע אינאיינעם געוואַקסען, און ווייל גאָט האָט מיר איצט געהאָלפען, וויל איך זיך מיט דיר טיילען און איך וועל דיך צונעמען צו זיך פאַר אַ שותף. מיר וועלען בשותפות שעכטען אַ שאָף, אַ קאַלב, ביז גאָט וועט אונז העלפען און מיר וועלען קאָנען פיהרען גרעסערע געשעפטען.

אַז מענשען האָבען דערהערט אַזוינע ווערטער, איז דאָס זיי זעהר געפעלען געוואָרען, האָבען די בעלי הבתים איינער דעם צווייטען געגעבען צו וויסען, אַז די צוויי יתומים ווערען קצבים און זיי האָבען זיי פאַרלויבט, אַז זיי האָבען זיך זעהר שטאַרק ליב און אַז זיי זיינען גוטע מענשען און אַז עס איז אַ מצוה מען זאָל ביי זיי קויפען פלייש.

און ווייל זיי האָבען געפאָלגט דעם שטן, איז ווי נאָר זיי זיי־נען געוואָרען קצבים און זיי האָבען זיך אַרומגעזעהן אַז אַלע ווי־סען פון זיי און זיי לייזען אַ סך געלט, האָבען זיי זיך אַרויסגעקליבען הינטער'ן שטאָט, וואו קיין אידען וואוינען ניט און זיי פלעגען טאָן אַזוי: אויב זיי האָבען געהאַט צוואַנציג שאָף, אָדער צוואַנציג בהמות, האָבען זיי בלויז פינף פון זיי געלאָזט קוילענען אין דער טאַקסע ביים שוחט און די איבעריגע פופצעהן האָבען זיי אַליין ביי זיך אין דער היים גע'הרג'עט און אָפּגעשונדען אַז קיין איד זאָל פון דעם ניט וויסען. און נאָכדעם האָבען זיי אויך דאָס פלייש פון די גע־הרג'עטע פאַרקויפט פאַר כשר'ע. און ווייל אויף דעם פלייש פון די גע'הרג'עטע האָבען זיי דאָך ניט געצאָהלט ניט קיין טאַקסע און ניט קיין שחיטה־געלט, האָבען זיי געקאָנט פאַרקויפען ביליגער פון אַלע אַנדערע קצבים, האָבען זיי דורך דעם אַלע אַנדערע קצבים אַראָפּ־געבראַכט פון ברויט און אַליין זיינען זיי זעהר שטאַרק רייך געוואָ־רען. מיט דער צייט האָבען זיי חתונה געהאַט, האָבען געהאַט קינ־דער און האָבען פאַר זיך אויסגעבויט מויערן און שטאַלען און קעלערס און האָבען געהאַט זייערע פלייש־קראָמען צעשטעלט איבער אַלע טיי־לען פון שטאָט. און ביי דער נאַכט פלעגען זיי אַלץ אַליין הרג'ענען צעהנדליגע און הונדערטע שאָף און רינדער אַזוי, אַז קיינער זאָל ניט וויסען.

און דער שטן האָט אַלץ געהאָלפען.

ד. דין וחשבון

נאָר איינמאָל, נאָכדעם ווי זיי האָבען שוין חתונה געמאַכט קינדער, טרעפט אַזאַ מעשה:

איינער פון די צוויי שותפים איז אַריינגעגאַנגען צו זיין איידים און האָט איהם געטראָפען לערנען מיט זיין חבר אַזוי:

טאַקסע—דאָס קהל'שע שעכט־הויז, וואו אידישע קצבים ברענגען זייערע „שטיק" צום קוי־לען און וואו זיי צאָהלען איין צו קהל געוויסע צינזען (אַ אָפּצאָהלונג, וואָס אידישע קצבים גיבען דער קהלה). שוחט (שעיכעט אָדער שאַיכעט). שחיטה (שעכיטע)—דאָס קוילען אַ בהמה און אַנדערע שטיק). דין וחשבון (ווערעשבען)—רעכענונג, פאַראַנטוואָרטליכקייט; אַ ענטפער און אַ רעכענונג פאַר זאַכען, וואָס מען האָט געטאָן. איידים—אַ טאָכ־טער'ס מאַן.

— ווער עס עסט טרפה איז חייב כרת, נאָר תשובה העלפט. טאָמער שטאַרבט ער אָבער איידער ער האָט צייט געהאַט תשובה צו טאָן, מוז ער ברענען אין גיהינום ביז ער קומט אָפּ די זינד. דאָס איז אָבער אַלץ גערעדט געוואָרען וועגען איינעם, וואָס עסט נאָר אַליין טרפה; ווי איז אָבער, ווען איינער מאַכט אַנדערע צו עסען טרפה?

— פאַר אַזוינעם, וואָס מאַכט אַנדערע צו עסען טרפה, איז גאָר קיין שום אויסלייזונג ניטאָ און קיין שום מיטעל וועט איהם ניט העלפען און אַפילו ווען משיח וועט קומען און אַלע טויטע וועלען אויפשטעהן, וועלען די דאָזיגע ניט אויפשטעהן. דער גיהנום אַפילו וועט דעמאָלט פאַרלאָשען ווערן, אָבער די וואָס האָבען אַנדערע געמאַכט צו עסען טרפה, וועלען נאָך אַלץ ברענען, ווייל פאַר זיי איז גאָר קיין האָפנונג ניטאָ און זיי זיינען פאַרלאָרען אויף אייביג.

און ווי נאָר דער שותף האָט דערהערט אַזוינע ווערטער, איז איהם גלייך פינסטער געוואָרען אין די אויגען און ער האָט אויפגעהערט צו קאָנען עסען און שלאָפען, ביז ער האָט גענומען אויסזעהן ווי אַ טויטער. און אַז דער צווייטער שותף האָט איהם גענומען פרעגען:

— סטייטש, דו ביזט דאָך מיין חבר פון קינדווייז אויף, טו פאַר וואָס זאָלסטו מיר ניט זאָגען, וואָס מיט דיר איז? דו זעהסט דאָך שוין באַלד אויס ווי אַ געשטאָרבענער.

האָט ער איהם דערצעהלט די גאַנצע מעשה, וואָס ער האָט געהערט פון זיין איידים. זיינען זיי ביידע געבליבען שטאַרק דערשראָקענע און האָבען גענומען שרייען:

— וועה צו אונז! וועה צו אונז! וואָס וועט פון אונז איצטער ווערן? עס איז דאָך שוין אַזוי פיעל יאָהר ווי מיר נאַרען אַ וועלט! דאָס איז דעם שטן׳ס אַרבייט. צו וואָס פאַר אַ שוואַרצען סוף ער האָט

---

כרת (קאָרעס)—(פאַרשניטענע יאָהרען), אַ פריהצייטיגער טויט. חייב (כאַיעוו)—איז שולדיג. חייב כרת—עס קומט איהם (זיין שטראָף איז) פריה אָפּצושטאַרבען. אָפּקומען (זינד)—ליידען, מאַטערן זיך (אום אויסקויפען די זינד). משיח (מעשיאַך)—(גאָט־געזאַלבטער) דער קעניג פון ישראל, וואָס דאַרף קומען דאָס אידישע פאָלק פון גלות אויסלייזען און אין ארץ (ערעץ) ישראל ברענגען.

דאָס אונז געבראַכט ! וועה צו אונזערע יאָהרען ! לאָמיר לויפען צום רב, לאָמיר לויפען צום מגלה עמוקות.

און דער מגלה עמוקות איז געווען דער גרעסטער רב פון זיין צייט און ער איז געווען ווי אַ ליכטיגער מלאך. און ווי נאָר ער האָט פון זיי דערהערט די מעשה, איז ער גלייך געוואָרען ווייס ווי קאַלך און ער האָט גענומען ציטערן ווי אַ פיש אין וואַסער, און די ווענט מיט אַלע כלים פון שטוב האָבען מיט איהם געציטערט פאַר גרויס שרעק. נאָכדעם האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ שווערען קרעכץ און האָט אַראָפּ-געלאָזט זיין קאָפּ אויף די הענט און האָט גענומען וויינען און קלאָגען אויף די ריינע מענשען, אויף די קינדער און אויף די מאַמעס, וואָס זיי-נען איבער די זינד פון דער וועלט אַוועקגעגאַנגען און אויף דערויף, וואָס אין זיין צייט איז אַזאַ זאַך געשעהן.

און אַז די צוויי שותפים האָבען דאָס דערזעהן האָבען זיי זיך פאַנאַנדערגעוויינט מיט אַ ביטער געוויין און האָבען גענומען אויף זיך רייסען די קליידער און זיך גענומען בעטען.

— גוואַלד, רבי, ראַטעוועט אונז פון דעם שטנ'ס הענט ! ראַ-טעוועט אונז פון דעם גיהינום ! מיר זיינען געווען בלינדע מענשען, מען האָט אונז ניט געלערנט, מען האָט אונז אין קיין חדר ניט גע-שיקט, מיר זיינען געווען צוויי אָרימע יתומים, איז דעם שטן אָנגעקו-מען זעהר גרינג אונז אַריינצוצענעמען אין זיינע הענט, ווייל מיר האָבען גאָר אַליין ניט געוואוסט, ווי גרויס עס איז דאָס שלעכטס וואָס מיר טוען. רבי, האָט רחמנות אויף אונזערע נשמות. רבי ! רבי ! רבי !

## ה. די תשובה

דער מגלה עמוקות האָט אָבער ניט געוואָלט צוהערען צו זייער געשריי און געבעט. נאָר ווען זיי זיינען אַוועקגעגאַנגען פון איהם און האָבען צעטיילט זייער גאַנץ פאַרמעגען צו אָרימע לייט און תורה־לערנער און אַליין זיינען זיי געבליבען אָרעם און נאַקעט און האָבען זיך אָנגעטאָן אין קליידער פון זעק און זיינען געקומען צום

---

מגלה עמוקות (מעגאַלע אמוקעס)—דער אויפדעקער פון טיפע (פאַרבאָרגענע) סודות פון דער תורה.

מגלה עמוקות דערשלאָגענע און צעוועהטאָגטע פון הונגער און שרעק, האָט ער צו זיי געזאָגט:

— אייער זינד איז אַ מורא׳דיגע, וועה איז דעם טאָג ווען איהר זייט געבוירען געוואָרען און וועה איז צו מיר, וואָס אין מיין צייט זיינען אַזוינע עברות באַגאַנגען געוואָרען. אָבער עס איז ניטאָ קיין זינד, וואָס קען ניט אָפּגעוואַשען ווערן דורך תשובה. געהט איצט אַוועק אין דער וועלט און ריכט אָפּ גלות אַלע טעג פון אייער לעבען. דאָרטען וואו איהר וועט טאָגען, זאָלט איהר ניט נעכטיגען און וואו איהר וועט נעכטיגען טאָרט איהר ניט טאָגען. מעגען זיין בלאָטעס און שנייען, היצען און רעגענס, מעג אַפילו דונערען און בליצען, זאָלט איהר אַלץ אומגעהן איבער די וועגען אָהן אַ דאַך איבער אייערע קעפּ. און ווי נאָר איהר וועט אָנקומען אין אַ אידישער שטאָט, זאָלט איהר גלייך פאַרגעהן אין בית המדרש און איהר זאָלט דאָרט פאַר אַלע אידען דערצעהלען פון אייערע גרויסע זינד און נאָכדעם זאָלט איהר זיך אַנידערלעגען אויף דעם שוועל פון בית המדרש און אַלע אידען וואָס וועלען אַריין און אַרוים זאָלען איבער אייך טרעטען און שפּייען אויף אייך. און ערשט ווען די האָר אויף אייערע קעפּ וועלען ווערן ווייס ווי שניי, זאָלט איהר זיך אומקערן צו מיר, וועל איך זעהן, וואָס איהר זאָלט ווייטער טאָן.

האָבען זיי זיך גלייך אַוועקגעלאָזט איבער דער וועלט און האָבען געטאָן אַלץ ווי דער מגלה עמוקות האָט זיי געהייסען, און אַזוי זיינען אַוועק טעג און וואָכען און חדשים און יאָהרען, און וואו זיי האָבען געטאָגט, האָבען זיי ניט גענעכטיגט און וואו זיי האָבען גע־נעכטיגט האָבען זיי ניט געטאָגט. און וואו נאָר אַ בית מדרש האָ־בען זיי ניט אויסגעלאָזט און זיי זיינען אויף זיין שוועל געלעגען און מענשען האָבען איבער זיי געטראָטען. אָבער זייערע האָר זיינען נאָך אַלץ ניט ווייס געוואָרען.

איין מאָל ווינטער, אַז עס איז געווען אַ מורא׳דיגער פראָסט און אַ גרויסער שטורעם, האָבען זיי אַ ביסעל פאַרזאַמט אין אַ

---

גלות אָפּריכטען—ארומוואַנדערן פון ארט צו ארט כדי אפּצוקומען פאַר זינד.

שטאט, און צו דער נאכט זיינען זיי ווידער אוועק אין וועג, כאטש זיי זיינען געווען זעהר מיד און פארמאטערט, כדי מקיים צו זיין דעם גאונ'ס געבאט ניט צו נעכטיגען דארט, וואו זיי האבען גע־טאגט. די שטאט־לייט האבען זיי געווארנט, זיי זאלען דאס ניט טאן, ווייל עס איז געווען אזא קעלט, אז עס איז א רחמנות געווען אפילו א הונט ארויסצולאזען דרויסען. אבער זיי האבען אלץ פאר איינס געענטפערט: „גוטע מענשען, לאזט אונז געהן; מיר טארען ניט נעכטיגען, וואו מיר האבען געטאגט".



ווען די נאכט איז צוגעפאלען, האט זיי דער שטורעם־ווינט אנגעיאגט אין רעכטען מיטען פעלד און האט זיי גענומען ווארפען פון די פיס ווי שיכור'ע און האט זיי גענומען שמייסען דאס פנים און דאס לייב ווי מיט בייטשען און האט זיי גענומען פארווערגען דעם אטעם. האבען זיי זיך אנגעכאפט איינער אן צווייטען און האבען גענומען וויינען און שרייען צום הימעל: „רבונו של עולם! רבונו

מקיים (מעקאיעם) זיין — דערפילען, אויספיהרען. שיכור (שיקער) — באטרונקען, באזויפען.

של עולם! מיר ווילען ניט שטאַרבען איידער מיר האָבען געקראָגען אַ תשובה פון דעם מגלה עמוקות! רבונו של עולם! לאָז אונז ניט קומען פאַר דיר אונטער די פליגלען פון שטן!"

און אַזוי האָבען זיי זיך אַ גאַנצע נאַכט אָפּגעפּלאָגט אין שטורעם און פראָסט אויף פאַרשנייטע פעלדער און זייער שרעק טאָמער שטאַרבען זיי אָהן תשובה איז געווען אַזוי גרויס, אַז אויף מאָרגען ווען די זון איז אויפגעגאַנגען האָבען זיי זיך ניט דערקאָנט, ווייל פאַר שרעק זיינען זיי ביידע ווייס געוואָרען ווי שניי.

און אַז זיי זיינען נאָכדעם אָנגעקומען צום מגלה עמוקות, איז ווי נאָר ער האָט זיי דערזעהן, איז זיין האַרץ דערפילט געוואָרען מיט רחמנות צו זיי און ער האָט זיך אָנגערופען:

—מיר האָבען אַ קימא לן אין אונזער הייליגער גמרא, אַז עס איז ניט פאַראַנען קיין איין זינד, צו וועלכער חרטה זאָל ניט העלפען, וואָרים חרטה שפּאַלט אַדורך אַלע הימלען און רייסט דורך אַלע פאַרשלאָסענע טויערען. מנשה, דער מלך פון יהודה, האָט אַריינגעשטעלט אַן אָפּגאָט אין בית המקדש, און ווען ער איז געשטאָרבען, האָבען די מלאכים פאַר איהם פאַרשטעלט אַלע וועגען און האָבען פאַר איהם פאַרשלאָסען אַלע טויערען, און כאָטש ער האָט איינגעזעהן זיין זינד און האָט תשובה געטאָן האָבען זיי בשום אופן ניט געוואָלט לאָזען זיין תשובה מקבל זיין. האָט זיך דעמאָלט גאָט אַליין דערבאַרעמט אויף איהם און האָט אויסגעבויערט אַ לאָך אונטער'ן כסא הכבוד און האָט מקבל געווען זיין תשובה — אַזוי גרויס איז דער כח פון תשובה. איצט, אַז איך זעה, אַז איהר האָט באמת חרטה און טוט תשובה מיט אייער גאַנצען האַרצען, וועט אייך גאָט מוחל זיין, איהר דאַרפט נאָר זעהן לעבען די איבעריגע טעג פון אייערע יאָהרען אין עהרליכקייט און מעהר קיינעם ניט נאַרען.

---

**א קימא לן** (קאימע לאן)—א פעסטע טראדיציע, **maxim**. **חרטה** (כאראטע)—א מענשען'ס פארדראס פאר זיינע זינד; דער באשלוס מעהר ניט צו זינדיגען. **מנשה** (מענאשע)—איינער פון די לעצטע קיניגען פון די אידען פאר'ן גלות בבל (דאס מעשה'לע מכח זיין תשובה איז פון תלמודישע שריפטען). **מקבל זיין**—אננעמען, צונעמען. **כסא הכבוד** (האקאוועיד)—(דער שטול פון הערליכקייט), גאט'ס טראהן.

האָבען זיך אָבער די צוויי שותּפים גענומען בעטען:

— רבי לעבען, מיר וועלען טאָן אַלצדינג וואָס איהר הייסט אונז, אָבער אונזערע הערצער שרעקען זיך זעהר פאַר דעם גרויסען יום הדין. דערבאַרעמט זיך אויף אונז און גיט אונז אַ צייכען, אַז מיר זאָלען זיכער זיין.

האָט זיך דער מגלה עמוקות אויף זיי דערבאַרעמט און האָט פאַר זיי אויף אַ שטיק פאַרמעט אויפגעשריבען, אַז ער וויים, אַז זיי זיינען אמת'ע בעלי תשובה און אַז זיי זיינען שוין גענוג אָפּגע-קומען פאַר זייערע זינד, און אַזוי ווי ער, דער מגלה עמוקות, וואָס איז דער רב און אב בית דין פון דער שטאָט קראָקע, פּסק'עט דאָ אויף דער וועלט, אַזוי זאָל אויך גע'משפט ווערן אויף יענער וועלט ביים בית דין של מעלה.

און דער מגלה עמוקות האָט זיי איבערגעגעבען דעם כתב און האָט צו זיי געזאָגט:

— ווער פון אייך עס וועט שטאַרבען פריהער, דער זאָל מיט זיך מיטנעמען דעם כתב און דערפאַר זאָל ער נאָכדעם קומען צום חלום צו דעם לעבעדיגען און זאָל איהם דערצעהלען אַלץ, וואָס מיט איהם וועט פּאַסירען.

### ו. פאַר'ן בית דין של מעלה

אין אַ צייט אַרום איז איינער פון זיי געשטאָרבען. פאַר'ן טויט האָט איהם דער חבר איבערגעגעבען דעם כתב און האָט צו איהם געזאָגט:

— געדענק, מיין חבר, אַז דו דאַרפסט מיר קומען צום חלום און מיר דערצעהלען אַלץ, וואָס מיט דיר וועט דאָרט טרעפען.

האָט דער גוסס איהם געענטפערט:

— איך געדענק — און איז געשטאָרבען מיט'ן כתב אין האַנט.

---

**יום** (יאָים) **הדין** — דער טאָג פון משפט, דאָס הימעלשע געריכט. **פּסק'ענען** (פּאַס-קענען) — אַרויסגעבען אַן אורטייל, ענטשיידען, **decide**. **בית דין של מעלה** (בעזדין שעל מאַאַלאַ) — דאָס אויבערשטע (דאָס הימעלשע) געריכט; **בית דין** — אַ (אידיש) גע-ריכט. **גוסס** (גויסעס) — אַ מענש פאַר'ן אויסגעהן, אַ מענש אַ ווײַלע איידער ער שטאַרבט.

אָון די גאַנצע צייט פון שלשים האָט מען פון דעם טויטען ניט געהערט. ערשט נאָך די דרייסיג טעג איז ער געקומען דעם חבר צום חלום און האָט איהם דערצעהלט:

— ווי וויסען, אַז ווי נאָר די נשמה האָט גענומען אַרויסגעהן פון מיר, אַזוי זיינען גלייך אָנגעפלויגען שוואַרצע מלאכים און אַנדערע שרעקליכע באַשעפענישען, טייל אין געשטאַלט פון הינט, טייל אין געשטאַלט פון שלאַנגען, טייל אין געשטאַלט פון שוואַרצע מענשען מיט ווייסע הערנער און מיט שפּיציגע שפּיזען און שווערדען, וואָס פאַר זייער פאָרכטיגען קוק מוז דער גרעסטער גבור שטאַרבען. אין דער אייגענער רגע האָבען זיך אָבער באַלד באַוויזען פיער הייליגע מלאכים פון הימעל און האָבען זיך אַוועקגעשטעלט אַרום מיין בעט, האָבען די אַלע שוואַרצע באַשעפענישען געמוזט אַנטלויפען. ווען מען האָט מיך צו דער קבורה געבראַכט, זיינען זיי ווידער אָנגעלאָפען און האָבען מיך געוואָלט אויסכאַפּען, נאָר די הייליגע מלאכים האָבען מיך באַהיט און באַשירעמט פון זייערע הענט. דערנאָך זיינען די פיער מלאכים געבליבען שטעהן ביי מיין קבר היטען מיין גוף און פיער אַנדערע מלאכים האָבען געפיהרט מיין נשמה צום בית דין של מעלה. דאָרט האָב איך דערזעהן אַ גרויסען בנין, וואָס איז געמאַכט פון לויטער דימענטען. יעדער דימענט איז דריי איילען די גרויס און שיינט מיט אַלערליי וואונדערבאַרע קאָלירען. און אַרום און אַרום דעם וואונדערבאַרען בנין ליגען גרויסע לייבען און לעמפּערטען און אויף דעם טויער שטעהט אויפגעשריבען מיט פייערדיגע ווערטער: „מקום המשפט“. די מלאכים האָבען אויפגעמאַכט דעם טויער און האָבען מיך אַהין אַריינגעפיהרט.

דער זאַל פון „מקום המשפט“ איז אַזוי גרויס אַז מען קען מיט קיין אויג ניט כאַפּען פון איין עק ביז'ן צווייטען, און די ברילליאַנטען פון די ווענט גיבען פון זיך אַרויס אַזאַ וואונדערבאַרע שיין, אַז די זון מיט דער לבנה זעהען אויס טונקעל קעגען זייער ליכטיגקייט.

---

פאָרכטיג—מורא'דיג. גבור (גיבעיר)—אַ שטאַרקער מענש, אַ העלד. באַשירעמען—באַשיצען, היטען, אפּהיטען. בנין (ביניען)—אַ געביידע. לעמפּערט—אַ טיגער, leopard. מקום המשפט (מאָקעים האַמישפּעט)—דאָס אָרט (דאָס הויז) פון געריכט.

און צוויי און זיבעציג גרויסע טישען שטעהען אין דעם זאַל, און ביי יעדען טיש זיצען צוויי און זיבעציג דיינים, און גאָר אויבען איבער זיי איז אַ גרויסער קיילעכדיגער טיש, אַרום וועלכען עס זי־צען לויטער פייערדיגע מלאכים.

און אויף יעדען פון די טישען ליגען צוויי און זיבעציג ספר תורות, איטליכער דיין האָט פאַר זיך אַליין אַ ספר תורה, און פאַר יעדען טיש שטעהען צוויי גרויסע לייבען אויף זייערע הינטערשטע פיס און מיט זייערע פאָדערשטע פיס האַלטען זיי אַ גרויסען טאָוועל פון סאַ־פירשטיין, און אויף יעדען טאָוועל איז אויסגעקריצט מיט גרויסע ווערטער: „משה׳ס תורה איז אמת״.

און אין מיטען זאַל איז פאַראַן גאָר אַ גרויסער טיש, אַרום וועלכען עס זיצען הונדערטער שופטים און דיינים, און פאַר זיי ליגען די באַ־שרייבונגען פון אַלע לעבעדיגע און טויטע. און אין דעם זאַל רוהט עס ניט קיין רגע: נשמות ווערען אַלץ אַריינגעפיהרט און אַרויס־געפיהרט. דאָ פיהרען מלאכים אַריין נשמות און דאָ שלעפּען ניט־גוטע אַריין נשמות. איינע פסק׳ענט מען צו גן עדן, אין דעם און דעם פּאַלאַץ, אַנדערע אין אַן אַנדער פּאַלאַץ; איינע פאַר׳משפּט מען אין גיהינום און אַנדערע אין שאול תחתיה, אָדער גאָר מגולגל צו ווערן אין אַ מענשען צי אין אַ בהמה, אין אַ שטיין צי אין אַ בוים און אויף אַלץ ווערן געבראַכט עדות. איך האָב געזעהן ווי מען האָט פאַר איינעם געבראַכט ווענט פון אַ הויז און די ווענט האָבען אויף איהם עדות געזאָגט. און אַז איינער קומט אַרויס אַ גערעכ־

---

**דיינים** (דאיאנים)—ריכטער (אונטער־ריכטער); איינצאהל—**דיין** (דאיען). **שופטים** (שאפטים)—ריכטער; איינצאהל—**שופט** (שעיפעט). **שאול תחתיה** (שעאיל טאכטיא)—דאס אונטערשטע, דאס טיפסטע און שרעקליכסטע גיהנום. **מגולגל** (מעגולגעל) **ווערן**—אריינגעהן, אריבערגעהן פון איין גוף אין א צווייטען (עס איז פאראן אזא גלויבען אין דער אידישער קבלה און אין עהנליכע ניט אידישע לעהרעס, אז אויב א באשעפעניש דערפילט ניט דאס וואס צו דעם איז פון הימעל באשטימט געווארען אויפצוטאן, ווערט עס נאכ׳ן טויט פון דאס ניי געבוירען, אבער עס געהט שוין אריין אין א נייעם גוף און אזוי געהט עס כסדר פון איין גוף אין צווייטען, ביז וואנען עס דערגרייכט ניט דעם ערשטען ציעל. אויף אידיש רופט זיך דאס גלגולים (גילגולים).

טער, הייבען זיך אַלע אויף פון זייערע שטולען און שרייען אויס מיט פרייד:

— וואויל צו דיר! און גוט צו דיר!

און ווי נאָר עס דערהערט זיך דאָס געשריי: „וואויל צו דיר! און גוט צו דיר!" קומען גלייך אַריין ליכטיגע מלאכים, מיט ליכט אין די הענט, און די דיינים נעמען שרייען:

— ראַמט אָפּ דעם וועג! מאַכט גלייך דעם שטעג! וואָרים עס קומט דער גערעכטער. זאָגט דעם גערעכטען — אַז וואויל צו איהם, וואָרים די פרוכט פון זיינע הענט טוט ער עסען!

און אַזוי פיהרט מען דעם צדיק אַרויס מיט גרויס כבוד, און אַלע צדיקים קומען איהם אַקעגען און פרייען זיך מיט איהם און די זון מיט דער לבנה מיט די שטערן לייכטען איהם דעם וועג, און אַלע מזלות נייגען זיך קעגען איהם און זאָגען: „וואויל צו איהם, וואויל צו זיין נשמה!"

וועה אָבער איז צו דעם, וואָס געהט אַרויס אַ שולדיגער! וועה איז צו איהם און וועה איז צו זיין נשמה! די דיינים פון אַלע צוויי און זיבעציג טישען שפּרינגען אויף און נעמען שרייען:

— רשע, ווי האָסטו ניט מורא געהאַט פאַר דער הייליגער תורה? ווי האָסטו ניט מורא געהאַט פאַר גאָט, פאַר דעם קיניג פון אַלע קיניגען?!

— מען האָט דיר געגעבען אַ ריינע נשמה און מען האָט דיר אָנ-געזאָגט, אַז דו זאָלסט זי ריין האַלטען, צום סוף האָסטו זי פאַראומ-רייניגט מיט זינד. וועה צו דיר און וועה צו דיין נשמה!

און ווי נאָר זיי שרייען אַזוי אויס, אַזוי פאַלט גלייך אַריין אַ מחנה שוואַרצע באַשעפּענישען און כאַפּען איהם אָן פון אַלע זייטען און שלעפּען איהם אַוועק אין גיהינום אַריין.

ז. ד ע ר מ ש פ ט

און דער טויטער קצב האָט ווייטער דערצעהלט און ער האָט גע-זאָגט צו זיין שותף און חבר:

און אַצינד הער, וואָס עס איז געשעהן מיט מיר אַליין:

---

מזלות (מאַזאָלעס)—די פּלאַנעטען; איינצאָהל—מַזָל (מאַזל), דאָמאָלס הייסט עס אויף גליק.

ווי נאָר עס איז געקומען צו מיר, אַזוי איז גלייך געוואָרען אַ גרויס געשריי, — אַז אַלע זיבען הימלען האָבען גענומען ציטערן:

— ווער האָט איהם דאָ אַהער געבראַכט ? ! אין גיהינום איז אויך צו גוט פאַר איהם ! ! !

און אַז איך האָב זיי דערלאַנגט די שריפט פון דעם מגלה עמוקות זיינען די געשרייען געוואָרען נאָך גרעסער:

— עס איז אַ חוצפּה פון אַ רב !

— ווי שטעלט ער זיך דאָס גאָר אונטער אונז צו באַפעלען, דאָס מיר זאָלען אָננעמען די תשובה פון אַ רשע, אַן אָפּנאַרער, וואָס האָט אַזוי לאַנג אַזוי פיעל אידען מאַכיל טריפות געווען !

האָבען זיך אויף דעם אָבער גלייך אָנגערופען מיינע מליצים מיט אַ גרויסען קול:

— געוואַלד געשריען, וואָס ווילט איהר ? האָט ער דען ווייניג געטאָן ? ער האָט דאָך אַוועקגעוואָרפען אַזאַ גרויס רייכקייט און אַלע פאַרגעניגענס פון דער וועלט און האָט אָפּגעריכט אַזאַ שווערען און ביטערען גלות, וואָס ווען מען וואָלט אייך אָנגעקליידט אין מענשליכע לייבער, וואָלט אַפילו איהר ניט געווען אים שטאַנד דאָס אַריבערצוטראָגען. און ער איז דאָס אויסגעשטאַנען און דער הייליגער מגלה עמוקות האָט איהם דערפאַר צוגעזאָגט, אַז ער איז זיכער מיט דער וועלט, קומט איהר גאָר איצט און שרייט אויף איהם. ניין, איהר טאָרט אויף איהם ניט שרייען, און טאָרט איהם מיט אַזוינע נעמען ניט אָנרופען, ווייל ער איז גרעסער פון אַ צדיק, וואָס האָט גאָר קיין מאָל ניט פאַרזוכט דעם טעם פון אַן עברה.

נאָך די דאָזיגע רעד האָבען זיך אָבער אויפגעהויבען אַזוינע גע־שרייען, אַז די אויבערשטע מלאכים האָבען גענומען ציטערן. און זיי האָבען זיך אַלץ ניט געקענט אויסגלייכען ביז מיין משפּט איז אָפּגע־שיקט געוואָרען צו נאָך אַ העכערען בית דין. איז פון דאָרטען גלייך צעריק געקומען אַ תשובה, אַז אַלץ וואָס דער הייליגער מגלה עמוקות האָט גוט געמאַכט, איז גוט.

---

**חוצפּה** (כוצפּע)—פּרעכקייט. **מליץ** (מעיליץ)—אַן אדוואקאט, אַ פּאַרטיידיגער (אין געריכט); מעהרצאהל—**מליצים** (מעיליצים).

איז ווי נאָר די בעזע מלאכים האָבען דאָס דערהערט האָבען זיי גלייך גענומען שרייען מיט אַזוינע קולות, אַז מען האָט געקאָנט הע־רען אין אַלע וועלטען, דאָס ווער עס האָט עפּעס צו מאָהנען פון מיר־זאָל ער קומען. זיינען אויף זייערע געשרייען גלייך אַנגעפלויגען הונדערטער און טויזענדער נשמות און האָבען אַנגעהויבען צו וויינען און צו שרייען:

— געוואַלד געשריען! מיר זיינען דאָך געשטאָרבען, ווייל ער האָט אונז אַזוי מיאוס אָפּגענאַרט! מיר ווילען דאָס איהם ניט מוחל זיין אַפילו ווען איהר זייט דאָס איהם מוחל!

און די בעזע מלאכים זיינען פאַר פרייד פון זייערע געשרייען געוואָרען פעט און דיק און מיינע מליצים זיינען נעבאַך געוואָרען אויסגעבלאָסט. פּלוצים איז אַריינגעפלויגען אַ גרויסער מליץ פון זיבעטען הימעל און האָט געגעבען אַ גרויס געשריי:

— געוואַלד געשריען! ניט שוין זשע גילט שוין מעהר די תורה ניט אין הימעלשען געריכט? משה האָט געשריבען אין זיין תורה, אַזוי, ווען דו וועסט זיך אומקערען צו גאָט דיין גאָט, וועט ער דיך ניט פאַרשוואַכען און וועט דיך ניט פאַרדאַרבען, ווייל ער איז אַ דערבאַרעמדיגער גאָט".

זיינען אָבער מיט אַ מאָל אָנגעקומען פון אַלע זייטען קיה, שעפּ־סען און קעלבער און האָבען געמאַכט אַזאַ רעוועריי און ברומעריי, אַז הימעל און ערד האָבען געציטערט.

— מיר האָבען מיט דעם רשע אַ דין תורה! — האָבען זיי גע־שריען. — מיר זיינען בהמות, און אונזער איינציגער זכות איז, אַז מען שעכט אונז און מען מאַכט איבער אונז אַ ברכה, און ער האָט אונז גאָר געקוילעט מיט אַ האַק און האָט דורך אונז אָפּגענאַרט די וועלט, — ער האָט אונזער טרפה פלייש פאַרקויפט פאַר כשר'ע און מיר האָבען דורך איהם פאַרלאָרען דעם איינציגען זכות, וואָס אונז איז באַשערט געוועזען. אַזאַ זאַך טאָר ניט געשענקט ווערן, מיר ווע־לען עס ניט דערלאָזען!

---

גילטען—געהן, זיין אנגענומען. דין תורה—א משפט (א אידישער פאר א רב). אַ ברכה (בראכע)—א דאנק־שפּרוך (צו גאָט ווען מען פאַרזוכט עפּעס אָדער ווען מען טוט אַ מצוה).

און דערביי האָבען זיי אַלע אויף מיר גענומען קוקען מיט בעזע אויגען, ווי זיי וואָלטען מיך וועלען דורם זיין.

ווי מיין גרויסער מליץ האָט דערזעהן, ווי עס האַלט מיט מיר, האָט ער פון מיר צוגענומען דעם כתב פון אונזער מגלה עמוקות און האָט צו מיר געזאָגט:

— האָב קיין מורא ניט. וואַרט דאָ אויף מיר.

און ער איז אַרויסגעגאַנגען און אין עטליכע מינוט אַרום איז ער געקומען צוריק מיט אַ גרויסען שטורעם און מיט אַ פּאָר הונדערט מליצים און אַלע האָבען גענומען שרייען זעהר הויך:

— וואו איז דאָס געהערט געוואָרען, אַז מען זאָל אַזאַ גרויסען בעל תשובה ניט אויפנעמען מיט פרייליכע פנים׳ער?! ער האָט זיך שוין אַליין גענוג געפּייניגט, איהר טאָרט איהם שוין מעהר ניט פּייניגען! און דערצו נאָך האָט ער אַ כתב פון דעם צדיק מגלה עמוקות!

האָט דער בית דין געענטפערט:

— מיר קאָנען דאָס אָבער אויף זיך אַליין ניט שטעלען, דאָס מוז איבערגעגעבען ווערען צום בית דין, וואָס זיצט אין אויבערשטען בית המקדש, וואָס דאָס איז דער זיבעטער פּאַלאַץ, פון זיבעטען הימעל. נאָר יענער בית דין קען אויף זיך אַזאַ זאַך שטעלען.

האָבען אין אַ מינוט אַרום אַראָפּגעבראַכט דריי מלאכים פון יענעם בית דין מיט אַ גרייטען פּסק־דין אין זייערע הענט: אַז דאָס וואָס דער מגלה עמוקות האָט גע׳פּסק׳ענט דאָרטען, אין דער אונטערשטער וועלט, דער אייגענער פּסק־דין דאַרף אויך בלייבען דאָ אויף דער אויבערשטער וועלט, ווייל דער בעל תשובה איז ריין פון אַלע זיינע זינד, ווי אַ קינד, וואָס ווערט ערשט געבוירען, און אַלע אויבערשטע וועלטען און אַלע פּאַלאַצען פון גן עדן און פון דעם אויבערשטען בית המקדש זיינען אָפען פאַר איהם און זיין חבר. און די אַלע, וואָס זיינען געקומען מקטרג זיין אויף איהם, איז דער

---

דורם (דעירם) זיין—צערייסען (אזוי ווי א חיה און א פויגעל אדער א בהמה). מקטרג (מעקאַטרעג) זיין—אנקלאַגען, באַשולדיגען (געגען שלעכטס).

פסק־דין װעגען זײ אַזױ: די אַלע נשמות פון די מענשען, װאָס זײנען דורך איהם געשטאָרבען זאָלען פון איצט אָן האָבען דעם ליכ־טיגען גן עדן, און די קינדער, װאָס זײ האָבען איבערגעלאָזט אויף דער ערד, זאָלען זײ זײן גרויסע לערנער און עהרליכע לײט און זײ זאָ־לען זײן רײך און דאָס אַלץ זאָל ניט אָפּגעטאָן װערן פון זײ און פון זײערע קינדס׳ קינדער ביז משיח װעט קומען. און די בהמות, װאָס זײנען גע׳הרג׳עט געװאָרען אָהן שחיטה און אָהן אַ ברכה, זאָלען זײ אַלע איצט צוריק לעבעדיג װערן און זײ זאָלען עסען דאָס אײגענע גראָז פון די בערג, װאָס דער שור הבר עסט, און זײ זאָלען זיך פּאַשען פאַר אַ מאכל פאַר די צדיקים, װען משיח װעט קומען.

און װי מען האָט זײ אַזױ אַלעמען אַרויסגעזאָגט זײער פּסק־דין, האָט מען בײ זײ געפרעגט, אויב זײ באַשטעהען, האָבען זײ דערויף אַלע געענטפערט מיט גרויס פרײד:

— יע, מיר באַשטעהען! מיר באַשטעהען!

האָט מען זײ דערויף געענטפערט:

— איהר דאַרפט װיסען, אַז אין דעם זכות פון זײן הײליגער תשובה זײט איהר אַלע אויפגעריכט געװאָרען, און אַזױ װי איהר האָט דעם הײליגען בעל תשובה באַלײדיגט פאַר אונזער אַלעמענס אויגען, אַזױ דאַרפט איהר איהם איבערבעטען.

האָבען זײ אַלע מיך איבערגעבעטען און איך האָב זײ גלײך מוחל געװען פון גאַנצען האַרצען.

## ח. אין גן עדן

און װי נאָר איך האָב דאָס געטאָן, אַזױ זײנען צו זײ גלײך צוגעקומען זײערע מלאכים און זײערע מליצים און האָבען זײ אַװעק־געפיהרט מיט כבוד און מיט גרויס ליבשאַפט אין גן עדן אַרײן אויף זײערע ערטער, און די בהמות האָט מען אָפּגעפיהרט אויף זײערע ערטער. און נאָכדעם, װען מען האָט שוין אַלע אָפּגעפּאַרטיגט, אַזױ האָט מען זיך גענומען צו מיר. און מען האָט מיך אַרויפגעשטעלט אויף אַ גרויסען באַלעמער, װאָס איז געמאַכט פון דימענטען און אַנ־

דער שור הבר (שעיר האבאר)—א גרויסער װילדער אָקס, װאס איז, לויט דער לעגענדע, אנגעגרייט אלס שפייז פאר די צדיקים, אז משיח װעט קומען. מאכל (מאיכעל)—א גע־ריכט (צום עסען). באַשטעהן—צושטימען, אײנגעהן. באַלעמער—בימה.

דערע טייערע שטיינער און פון אַלע טישען האָט מען גענומען שרייען מיט פרייד:

— ער איז אַרויס אַ גערעכטער פון געריכט! — אַזוי האָבען גע-שריען אַלע דיינים און אַלע מלאכים און אַפילו די ווענט מיט די טישען, מיט די ספר תורות, מיט די הייליגע אותיות פון די ספר תורות — אַלע האָבען געשריען:

— ער איז אַ גערעכטער! ער איז אַ גערעכטער! ער איז דער אמת'ער בעל תשובה!

און וואָס מעהר די געשרייען האָבען זיך דערהויבען אַלץ ליכטי-גער איז געוואָרען, ביז עס איז געוואָרען אַזוי ליכטיג, אַז די זון, מיט דער לבנה, מיט די שטערן זיינען טונקעל געוואָרען קעגען דער גרויסער ליכטיגקייט. און עס זיינען אַריינגעקומען זעהר פיעל היי-ליגע מלאכים אין דער געשטאַלט פון אַלטע לייט, וואָס זיינען גע-קליידט אין ווייסען, און זייערע פנים'ער האָבען געלויכטען אַ סך העלער ווי די זון אין מיטען טאָג, און זיי האָבען געטראָגען דימענ-טענע קרוינען אויף זייערע קעפּ, און אין די דימענטענע קרוינען זיינען געווען ווערטער פון אַזוינע בריליאַנטען, וואָס האָבען גע-פינקעלט מיט אַלערליי קאָלירען. אויף אַנדערע קרוינען זיינען גע-ווען די ווערטער: „די קרוין פון דער תורה", אויף אַנדערע: — „די קרוין פון גוטען נאָמען", אָדער גאָר: „ די קרוין פון דערהויבונג". און אינאיינעם מיט די דאָזיגע מלאכים זיינען אויך אַריינגעקומען זעקס מלאכים פון לויטער העל ברענענדיגען פייער. און די דאָזיגע מלאכים האָבען געטראָגען אויף אַ גרויסען שטאַנג פון טענענהאָלץ אַ פייערדיגען כפורת מיט אַ גרויסען פרוכת. דער פרוכת איז געווען פון לויטער ווייסען פייער און אויף איהם איז מיט שוואַרצע פייער-דיגע ווערטער געווען אויפגעשריבען:

„צו גאָט איז דאָס קיניגרייך".

און באַלד זיינען אויך אָנגעקומען הונדערטער שפּילער און זינ-גער—דאָס זיינען געווען די הייליגע לויים פון דוד המלך'ס קאַפּעליע—

---

**אותיות** (איסיעס)—בוכשטאַבען, **letters**. **כפורת** (קאַפּעירעס)—אַ קליין ארון קודש-פאָרהאַנגעל איבער'ן פרוכת.

און זיי האָבען גענומען שפּילען און זינגען אַזוי, אַז קיין לעבעדיגער מענש וואָלט ניט געקאָנט אויסהאַלטען אַזאַ גרויסען תענוג. און ווי זיי האָבען אַזוי געשפּילט האָט מען מיך אַראָפּגענומען פון באַלע־מער און מען האָט מיך געשטעלט אין מיטען פון די מלאכים און מען האָט איבער מיר צעשפּרייט אַ חופּה. און עס האָבען זיך צונויפגע־זאַמעלט די נשמות פון אַלע צדיקים און זיי זיינען אַלע געקומען אונ־טער חופּות, און עס איז גאָר ניט מעגליך אַרויסצוגעבען די שענקייט פון די אַלע חופּות. די שטאַנגען פון די חופּות זיינען פון טענענהאָלץ און זיי זיינען באַדעקט מיט גינגאָלד און אויסגעזעצט מיט דימענטען און בריליאַנטען פון אַלערליי קאָלירען, און די חופּות זיינען פון אַזאַ זיידענעם סאַמעט, וואָס איז אויסגעהעפּט מיט לויטער גאָלד און פּערל און בריליאַנטען. און אויבען אויף די פיער עקען פון דער חופּה זיינען פיער גאָלדענע קרוינען, און אויף יעדער קרוין זיצען פיער הייליגע מלאכים אין דער געשטאַלט פון פאַרשיידענע חיות. אויף איין קרוין זיצען פיער מלאכים, ווי פיער פייערדיגע לייבען ; אויף דער אַנדערער ווי פיער לעמפּערטען ; אויף דער דריטער ווי פיער אָדלערס ; און אויף דער פערטער ווי פיער הירשען. און פון איין קרוין צו דער צווייטער איז אויסגעשפּרייט אַ פאָהן פון לויטער דימענטען, און אויף דער פאָהן זיינען אָנגעשריבען די מעשים, וואָס יעדער צדיק האָט געטאָן ביי זיין לעבען. און אויף מיין פאָהן איז געשטאַנען אָנגעשריבען מיט גרויסע ווערטער פון בריליאַנטען, וואָס האָבען געפינקעלט ווי בליצען : „דאָס איז דער, וואָס האָט אויף צונ'אמת'ן חרטה געהאַט".

נאָכדעם האָט מען מיך מיט גרויס פּאַראַד און מיט גרויס כבוד געפיהרט צום פּאַלאַץ פון די בעלי תשובות, זיינען מיר אַקעגען גע־קומען צוויי גרייז־גרויע זקנים מיט קרוינען אויף זייערע קעפּ און טויזענדער ווייסע מלאכים זיינען געגאַנגען הינטער זיי. די זקנים זיינען דאָס געווען ראובן און יהודה און זיי האָבען מיך אָנגענומען ביי דער האַנט און זיי האָבען אויסגעשריען אין דער הויך :

---

**תענוג** (טאַיניג)—פאַרגעניגען. **העפטען**—אויסנעהען, **to embroider**. **ראובן און יהודה**—יעקב'ס צוויי זיהן ; ביידע האָבען געזינדיגט אָבער זיי האָבען תשובה געטאָן.

— זיי געבענטשט בעל תשובה! דו ביזט אונזער ברודער! דו ביזט אונזער ברודער!

און זיי האָבען מיך אַריינגעפיהרט אין פּאַלאַץ אַריין. די שענקייט פון דעם פּאַלאַץ איז ניט אָפּצומאָלען און ער האָט טיר'ען און וועגען, וואָס פיהרען צו אַלע וועלטען פון גן עדן. און די אַלע, וואָס האָבען מיך באַלייט, האָבען צו מיר געשריען מיט אַ זיסען קול:

— וואויל איז צו דיר, וואָס דו האָסט זיך אַזוינס פאַרדינט! וואויל איז דיר!

## ט. דער סוף

די לעצטע ווערטער האָט דער טויטער אויסגעשריען אַזוי הויך, אַז זיין חבר, דער שותף, האָט זיך אויפגעכאַפּט. האָט ער זיך גלייך איינגעוואַשען און אָנגעטאָן און איז אַוועק צום מגלה עמוקות, איהם גלייך דערצעהלען פון די אַלע וואונדער, וואָס ער האָט געהערט אין חלום, אָבער דער מגלה עמוקות האָט דאָס שוין אַלץ געוואוסט, ווייל אין דער אייגענער נאַכט איז דער טויטער אויך געווען ביי איהם צום חלום און האָט אויך איהם דערצעהלט די גאַנצע מעשה. און דער מגלה עמוקות האָט זיך אָנגערופען צום שותף און געזאָגט:

— דו געה איצט אַהיים און גרייט זיך צו, ווייל דיין חבר וואַרט אויף דיר.

האָט דער שותף גלייך פאַרשטאַנען, וואָס דאָס מיינט, און ער איז אַוועק אַהיים און האָט אָפּגעזאָגט וידוי און איידער די זון איז אויפגעגאַנגען איז ער שוין מעהר ניט געווען אויף דער וועלט.

---

די אויביגע געשיכטע איז אַן אָפּקירצונג און פרייע באַאַרבייטונג פון דעם אַלטען און זעהר פּאָפּולערען מעשה־ביכעל, די „מעשה משני קצבים“ אָדער „מעשה משני שותפים“, וואָס איז אַ גוט ביישפּיל פון די פיעל מוסר־געשיכטען, וואָס זיינען פאַראַן אויף אידיש און פון דער רייכער פאַנטאַזיע, שילדערונגס־קראַפט און וואַרימער מענשליכער סימפּאַטיע אין פיעל פון זיי. עס איז דעם צוזאַמענשטעלער ניט מעגליך געווען צו דערגעהן ווען און ווער עס האָט די מעשה פאַרפאַסט. אין אָנהויב פון דער געשיכטע ווערט געזאָגט, אַז זי הויבט זיך אָן פון יאָהר תק"א—1741, ווערט זי אָבער אָנגעהאַנגען אָן דעם „מגלה עמוקות“ און ער, דער באַריהמטער מקובל און בעל דרשה, ר' נתן נטע שפּירא, וואָס איז געווען ראש ישיבה און מגיד אין קראָקוי, האָט געלעבט פון 1585 ביז 1693 (עיר הצדק, לעמבערג 1874, ז. 52—59).

די געשיכטע ווערט דאָ איבערדערצעהלט לויט'ן אַלטען טעקסט, מיט אַ פּאָר צוגעגעבענע עפּיזאָדען, פון דוד איגנאַטאָוו.



# רבי יוסף דילה ריינה

## א. רבי יוסף וויל אראָפּברענגען משיח'ן

און דאָס איז אַ מעשה נורא מכח רבי יוסף דילה ריינה, וואָס ער איז געווען אַ גרויסער מענש, ער איז געווען געלערנט און קלאָר אין קבלה און האָט פאַרשטאַנען ווי אַזוי זי צו נוצען און ער האָט געוואוינט אין דער שטאָט צפת, וואָס אין ארץ ישראל.

ויהי היום, האָט יוסף דילה ריינה אָפּגעמאַכט ביי זיך אין האַרצען, אַז ער וועט גאָט בעטען און ברענגען די גאולה און אויספיהרען די מוטווילינע הערשאַפט פון דער ערד. האָט ער זיך אָפּגערופען צו זיינע פינף תלמידים, וואָס זיינען מיט איהם געזעסען טאָג ווי נאַכט און זיי זיינען אויך געווען גוט באַהבינ'ט אין קבלה און זיינען געווען גרייט צו געהן פאַר איהם אין פייער און אין וואַסער, און ער האָט צו זיי אַזוי געזאָגט:

---

**מעשה נורא** (נעירע)—אַ שרעקליכע געשיכטע. **קבלה** (קאַבאַלע)—יענע אידישע לעהרע אדער פילאָזאָפיע, וואָס פאַרנעמט זיך מיט די סודות פון דער תורה, פון גאָט און זיינע מלאכים און דערוועלט (אין דער דאָזיגער לעהרע איז פאַראַן אַ טייל, וואָס מען רופט די פּראַקטישע קבלה, וואָס לערנט ווי אַזוי, מיט'ן כח פון הייליגע שמות און קאָמבינאַציעס פון בוכשטאַבען און צאָהלען, אויפצוטאָן וואונדער). **נוצען** (די קבלה)—אַנווענדען זי אויף צו טאָן מיט איהר וואונדער. **צפת** (צעפאַס). **גאולה** (געאולע)—די אויסלייזונג פון די אידען פון גלות. **מוטוויליג**—טיראַניש, **arbitrary, tyrannical**. **באַ־הבינ'ט** (באַהאַווענט)—קלאָר..

— ניט גוט טוען מיר, וואָס מיר לאָזען ביי אונז שימלען אַזאַ נוצען די גרויסע חכמה, וואָס גאָט האָט אונז געגעבען, אַז מיר זאָלען מיט איהר אָנטאָן איהם אַ נחת רוח און אויספיהרען די טומאה און די מיאוס׳קייט פון דער ערד, און איך האָב ביי מיר אָפּגעמאַכט אַראָפּצוברענגען משיח׳ן ער זאָל אונז אויסלייזען פון די הענט פון אונזערע פייניגער.

האָבען די פינף תלמידים אַלע אין איין קול געענטפערט:

— דו ביזט אונזער האר און רבי און מיר זיינען גרייט צו טאָן אַלץ, וואָס דו וועסט אונז באַפעלען, וואָרים גאָט איז מיט דיר און מיר זיינען דיינע קנעכט און תלמידים.

האָט ער זיך צו זיי אָפּגערופען און געזאָגט:

— אויב אַזוי, דאַן זאָלט איהר דאָס טאָן: רייניגט אייך און בייט איבער אייערע קליידער און גאַנצע צוויי טעג זאָלט איהר לעבען בקדושה וטהרה און נעמט אייך שפייז אויפ׳ן וועג און זייט גרייט. וואָרים אויפ׳ן דריטען טאָג וועלען מיר אַרוים אויפ׳ן פעלד און מיר וועלען זיך שוין מעהר ניט אומקערען אין אונזערע הייזער ביז די אידען וועלען זיך באַזעצען אין זייער לאַנד, מיט דער הילף פון גאָט, וואָס אַלץ קען ער און קיין זאַך איז פאַר איהם ניט צו שווער.

און אַז די פינף תלמידים האָבען דערהערט די רעד פון זייער רבי׳ן זיינען זיי אויף שנעל אויפגעשטאַנען און מיט גרוים חשק האָבען זיי זיך גענומען גרייטען אין וועג אַריין, און זיי האָבען אָנגעטאָן ריינע קליידער און זיי האָבען זיך צוגעגרייט שפייז, וואָס קיין אומריינע האַנט האָט זיך צו דעם ניט צוגעריהרט. און אויפ׳ן דריטען טאָג זיינען זיי געקומען צו איהם אין בית מדרש און ער איז דאָרטען געווען איינער אַליין, אַ ריינער, אַ געהייליגטער און זיין קאָפּ איז געווען צווישען זיינע קני. און אַז די פינף תלמידים זיינען אַריינגעקומען אין בית מדרש, האָט ער אויפגעהויבען זיין קאָפּ און צו זיי געזאָגט:

---

**נחת רוח** (נאַכעס רואַך)—אַ גייסטיג פאַרגעניגען. **טומאה** (טומע)—אומריינקייט, (זינד). **בקדושה וטהרה** (ביקדושע וועטאַהאָרע)—אין הייליגקייט און ריינקייט. **אמן** (אָמעין)—הלואי זאָל אַזוי געשעהן. **מירון** (מעירעין).

— קומט אהער, מיינע זיהן, איהר געבענטשטע פון גאָט! און גאָט'ס ליבשאַפט זאָל זיין אויף אונז און עס זאָל זיין זיין ווילען, אַז די שכינה זאָל רוהען אויף דער טואונג פון אונזערע הענט און גאָט ברוך הוא זאָל אָננעמען פאַר ליב אונזער ארבעט און ער זאָל אונז העלפען פון זיין נאָמען וועגען.

און זיי האָבען געענטפערט און געזאָגט:

— אמן, זאָל דאָס זיין די רעד פון גאָט און זיין ווילען זאָל געשעהן דורך דיר.

און נאָך די דאָזיגע רעד האָט ר' יוסף גענומען אַלערליי בשמים און שרייב־געצייג אין זיין גאַרטעל און ער האָט צו זיי געזאָגט: „קומט, לאָמיר אַרויסגעהן". זיינען זיי אַרויסגעגאַנגען און געקומען קיין מירון, וואָס איז ניט ווייט פון צפת. און זיי זיינען געקומען צום קבר פון רבי שמעון בן יוחאי און האָבען זיך אויסגעצויגען אויפ'ן קבר און האָבען דאָרטען איבערגענעכטיגט די נאַכט און די גאַנצע נאַכט זיינען זיי ניט געשלאָפען אַחוץ אַ קליינע ווילע. און אַז עס האָט אָנגעהויבען שאַריען אויף טאָג, איידער דער מאָרגענ־שטערן איז אויפגעגאַנגען, און רבי יוסף איז אויף אַ רגע אַנדרימעלט געוואָרען, איז צו איהם געקומען אין חלום דער תנא ר' שמעון בן יוחאי און זיין זוהן ר' אלעזר און זיי האָבען צו איהם געזאָגט:

— וואָצו זאָלסטו נעמען אויף דיין קאָפּ אַזאַ שווערע משא, וואָס דו וועסט זי ניט קענען פאַרטראָגען, הגם דיין כונה איז אַ גוטע? דעריבער זאָלסטו זיך זעהר שטאַרק היטען.

און ער האָט זיי געענטפערט:

---

**רבי שמעון בן יוחאי** (שימען בען יעיכאאי)—איינער פון די אַלטע תלמודישע חכמים (געלעבט איז סוף פונ'ם ערשטען און איז ערשטער העלפט פון צווייטען יאהרהונדערט) איבער פאַרשיידענע לעגענדעס האַלט איהם דאָס פאָלק פאַר איינעם פון די פאַטערס פון דער קבלה. **שאַריען**—באַגינען, אַ ביסעל אויפשיינען. **תנא** (טאַנע)—איינער פון די געלערנטע, וועמעס תורה און חכמה איז אריין אין דעם ערשטען טייל פון תלמוד — די משנה (מישנע); מעהרצאהל—**תנאים** (טאַנאאים).

— גאָט דער האַר ווייס מיין כונה און דעם מענשענ'ס גוט האַרץ איז דאָך פאַר דעם אויבערשטען שוין גענוג, האָפען מיר צו איהם, אַז ער וועט אונז העלפען פון זיין גרויסען נאָמען וועגען.

און רבי שמעון בן יוחאי האָט צו איהם געזאָגט:

— גאָט דער האַר זאָל דיך לייטזעליגען.

דעמזעלבען פריהמאָרגען זיינען זיי אוועק קיין טבריה, און זיי זיינען געגאַנגען איבער אַ פעלד און געקומען אין אַ וואַלד מיט אַ סך בוימער, זיינען זיי דאָרטען געזעסען אַ גאַנצען טאָג און געפאַסט און געלערנט. און דעם גאַנצען טאָג האָבען זיי ניט געזעהן קיין שום מענשען און קיין שום בהמה בלויז פויגלען פון הימעל. און זיי זיינען זיך עוסק געווען אין די צירופים און צוזאַמענרעכענונגען פון די הייליגע נעמען פון גאָט ברוך הוא און די מלאכים, ווערליג זיי האָבען געוואוסט פון קבלה, און זיי האָבען דאָס געטאָן מיט גרוים קדושה און מורא און יעדען פריהמאָרגען פלעגען זיי געהן און זיך טובל זיין אין דעם ים פון טבריה זעקס און צוואַנציג טבילות נאָכאַנאַנד אַקעגען דעם נאָמען הויה, און ביי יעדער טבילה האָבען זיי געהאַלטען אין די געדאַנקען אַנאַנדער הייליגען נאָמען. און אַזוי האָבען זיי געטאָן דריי טעג נאָכאַנאַנד און דריי טעג האָבען זיי געפאַסט און ביי דער נאַכט, אַז זיי האָבען זיך אָפּגעפאַסט, האָבען זיי ניט געגעסען קיין שום שפּייז פון אַ לעבעדיגער זאַך, ניט קיין פלייש און ניט קיין פיש, און זיי האָבען ניט געטרונקען ניט קיין וויין און ניט קיין ביר.

### ב. אליהו הנביא קומט אראָפּ

דעם פערטען טאָג, אַז עס איז געקומען מנחה־צייט, איז רבי יוסף אויפגעשטאַנען מיט זיינע תלמידים און זיי האָבען זיך געשטעלט מנחה דאַוונען מיט אַ זיסען קול, מיט גרוים כונה און מיט פאַרמאַכ-

**אליעזר** (עלאַזאַר). **טבריה** (טעווועריע)—אַנאַנדער שטאָט אין גליל (**Galilee**), באַ-ריהמט מיט איהרע הייל־וואַסערן. די היסטאָריע דערצעהלט, אַז ווען ר' שמעון בן יוחאי איז קראַנק געוואָרען, האָט ער זיך געבאָדען אינ'ם ים פון טבריה און איז געהיילט געוואָרען. **עוסק** (עיסעק) **זיין זיך**—פאַרנעמען זיך. **טבילות** (טעווילעס). **הויה** (האַוויע)—דאָס זיין, די עקזיסטענץ (איינער פון גאָט'ס נעמען. נומעריש האָבען די פיר בוכשטאַבען דעם פאָלגענדען ווערט: ה—5, ו—6, י—10, ה—5. צוזאַמען 26). **מנחה** (מינכע)—דאָס פאַרנאַכטיגע דאַוונען.

טע אויגען. און אַז עס איז געקומען צו „שמע קולנו״, האָבען זיי געזאָגט „עננו״, און אַז עס איז געקומען צו גאָט׳ס נאָמען האָבען זיי ניט געזאָגט, ווי אַלע, „אדוני״, נאָר זיי האָבען אַרויסגעזאָגט דעם שם ווי ער שטעהט געשריבען מיט די נקודות. און זייער תפלה איז געווען זעהר אַ לאַנגע און זיי האָבען געמאַכט אַ סך אויסרעכנונגען און באַשווערונגען פאַר אַלע מלאכים, וואָס רבי יוסף האָט נאָר געוואוסט. און רבי יוסף האָט נאָך אַמאָל דערמאָנט דעם שם המפורש און ער האָט געמאַכט נאָך מעהר אויסרעכנונגען און אין יענער רגע און מיט׳ן כח פון שם המפורש האָט ער באַשוואָרען אליהו הנביא, ער זאָל צו איהם תיכף אַראָפּקומען און רעדען מיט איהם אויפ׳ן וואָהר-פנים אל פנים, ער זאָל איהם לערנען, וואָס ער זאָל טאָן כדי ער זאָל אויספיהרען זיין רעיון.

און אַז ער האָט געענדיגט די תפלה, זיינען זיי אַלע געפאַלען אויף זייערע פּנים׳ער. און ווי נאָר זיי זיינען געפאַלען אויף זייערע פּנים׳ער, איז אליהו הנביא געקומען צו זיי שנעל ווי אַ בליץ און פלוצלונג האָט ער זיך צו זיי אַנטפּלעקט און געזאָגט:

— אָט בין איך געקומען, און וואָס איז אייער באַגעהר, וואָס איהר האָט צוליב מיר אַזוי פיעל תפלה געטאָן? צי ווייסט איהר ניט, אַז דער קץ איז נאָך ניט געקומען און אומזיסט רודערט איהר אויף די גאַנצע וועלט, דערמאָנענדיג גאָט׳ס מורא׳דיגען נאָמען, און ברענגט אַ צעמישונג אין דער גאַנצער באַשאַפונג?

---

**שמע קולנו** (שמאַ קעילעינו)—פאַרנעם אונזער שטים (אַ תפלה איז דאַוונעו). **עננו** (אַנעינו)—ענטפער אונז (אַ תפלה אין סליחות (סעליכעס), וואָס ווערט געזאָגט אין אַ תענית. **אדוני** (אַדעינאַי)—גאָט (אַ וואָכעדיגערער נאָמען פון גאָט). **דער שם** (שעם)—דער נאָמען יהוה, וואָס איז פאַרבאָטען אַרויסצוזאָגען. **נקודות** (נעקודעים)—פּינטלאַך און צייכענס אין דער העברעאישער גראַמאַטיק, וואָס ווייזען ווי אויסצושפּרעכען די אותיות. **שם המפורש** (האַמפּעירעש)—גאָט׳ס אויסגעשפּראָכענער נאָמען. **אויפ׳ן וואָהר**—אויף צו׳אמת׳ען, ניט אין חלום. **פנים אל** (על) **פנים**—(אַ געזיכט צו אַ געזיכט) קלאָר, וואָכעדיגערהייט. **רעיון** (ראַיען)—געדאַנק, אידעע. **דער קץ** (קעץ)—דער סוף פון גלות, די צייט, ווען משיח דאַרף קומען (וויסען דעם קץ איז איינער פון די גרעסטע און מורא׳דיגסטע סודות).

איז רבי יוסף ווידער געפאַלען אויף זיין פּנים און געזאָגט:

— פאָטער! פאָטער! רייטוואָגען פון ישׂראל! דער נביא פון אמת און דער העלפער אין אַ עת צרה! דו ווייסט דאָך, אַז ניט פון מיין כבוד וועגען און ניט פון דעם כבוד וועגען פון מיין פאָטער'ס הויז טו איך מעהרען מיינע תפלות. אָבער מיין האַרץ טוט מיר וועה פאַר מיין פאָלק און פאַר די שבטים פון גאָט. ווען איך טו זעהן, ווי לאַנג עס ציהט זיך דער פינסטערער גלות און דאָס פאָלק האָט שוין מעהר קיין כח ניט איהם אַריבערצוטראָגען. האָט דען גאָט דער האַר ניט אויסגעוועהלט אברהם אבינו פאַר זיין קנעכט און צוגעזאָגט איהם, אַז ער וועט זיינע קינדער ברענגען אין זיין הויז, אין בית המקדש? זיי האָבען איהם דאָרט צוויי מאָל געדינט און געטאָן דעם רצון פון זייער באַשעפער. אָבער דער בית המקדש איז חרוב געוואָרען און אברהם'ס קינדער ווערען געטריבען פון איין פאָלק צום צווייטען און פון איין קיניגרייך אין דעם אַנדערען; און אומעטום שטעהען זיי אויס אַ סך צרות און יסורים און איין גזרה ווערט בטל און אַ צווייטע גזרה קומט אָן און אַלע געצענדינער זיצען רוהיג אויף זייער ערד און נאָר גאָט'ס אויסדערוועהלטע זיינען נע ונד און זאַט מיט יסורים. און דו, נביא פון גאָט, פאַרלאָז מיך ניט, נאָר שטעה אויף און געה פאַר'ן בית דין של מעלה און טוענה פאַר מיר און זאָג די הימעלשע ריכטער, אַז זיי זיינען ניט גערעכט, וואָס זיי גיבען דעם פאָלק ישׂראל אַזאַ שווער מזל און זאָג זיי, אַז עס איז שוין געקומען די צייט אָפּצוטאָן דעם טרויער פון דעם פּנים פון פאָלק און אַרויסצופיהרען עס פון קנעכטשאַפט אין פרייהייט אַריין.

האָט אליהו הנביא געענטפערט און געזאָגט:

---

**רייטוואָגען פון ישׂראל**—אזוי ווערט אליהו הנביא אנגערופען אין דער ביבעל. **שבטים** (שעוואָטים)—**tribes** (וועדליג עס דערצעהלט זיך אין דער ביבעל זיינען די אידען געווען צעטיילט אין צוועלף שבטים); איינצאהל—**שבט** (שעיוועט). **נע ונד** (נא װענאד)—פאַרוואָגעלט, וואַנדערט ארום אהן א היים.

— דאָס אַלץ, וואָס דו האָסט ערשט געֶרעדט, ווייס איך און מיין חבר משיח זעהר גוט און אונזער נשמה געהט אונז אויס פאַר בענק-שאַפט און צער, צוקוקענדיג יעדען טאָג די יסורים פון די קינדער פון ישראל. מיר, די אויסלייזער, וואַרטען שוין אַזוי לאַנג אויף'ן טאָג פון דער גאולה. און אַלע טאָג שטעהען מיר גרייט פאַר דער טיר פון אונזער געצעלט און דער שופר של משיח הענגט ביי אונז אויף'ן ביישטידעל לעבען דער מזוזה. אָבער אומזיסט וואַרטען מיר אויף גאָט'ס קול ער זאָל אונז באַפעלען: „שטעהט אויף און טוט אייער אַרבעט, דערפילט אייער שליחות!“ וואָרים די שכינה אַליין איז אויך אין גלות! גאָט דער האַר טרויערט אויף זיינע קינדער, וואָס זיינען פאַרטריבען געוואָרען פון זיין טיש, וואָרים גרויס איז נאָך דער כח פון שטן, פון דער טומאה, און איבער אַלץ האָבען זיי נאָך צו שאַפען.

און רבי יוסף האָט זיך אָפּגערופען און געזאָגט:

— איך שווער ביי מיין לעבען, אַז אַפּילו דער שטן מיט אַלע זיינע חילות זאָלען זיך מיר שטעלען אַקעגען, וועל איך אַלץ ניט אויפהערען מיינע תפלות און געבעטען און איך וועל זיך ניט ריהרען פון אָרט, ביז איך וועל דערהויבען פון שטויב די הייליגע שכינה. איין זאַך נאָר, בעט איך ביי דיר, אליהו: זיי דו נאָר מיט מיר און לאָז מיך ניט איבער אַליין אין מיין מיה און פיין.

און אַז אליהו הנביא האָט דערזעהן, אַז דער מענש איז זיך מוסר נפש און ער שטעלט זיין לעבען און זיין נשמה אין קאָן פאַר דער אויסלייזונג פון די אידען, האָט ער געזאָגט:

— גאָט דער האַר זאָל זיין מיט דיר, אָבער זאָלסט וויסען זיין, אַז אַ גרויסע סכנה שטעהט דיר פאָר און דיינע לייט. וואָרים אין צוויי געשטאַלטען האָט גאָט ברוך הוא די וועלט באַשאַפען און דאָס בעז האַלט שטענדיג מלחמה מיט דאָס גוטס, די ליכטיגקייט מיט'ן פינ-

מיר די אויסלייזער—אליהו הנביא דאַרף קומען פאַר משיח'ן אנזאגען אַז ער קומט. שופר של משיח—ווערליג דער לעגענדע וועט משיח בלאָזען אין אַ גרויסען שופר (שעי-פער) און דאס וועט זיין דער סיגנאַל, אַז ער איז שוין געקומען און אַז אידען זאָלען זיך פון גלות אוועקלאָזען. ביישטידעל—דער זייל פון טיר. שאַפען—באַפעלען, קאָמאַנ-דעווען. מזוזה (מעזוזע).

סטערניש, און אַמאָל איז צווישען דער טומאה און דער קדושה בלויז איין האָר.

און דער נביא האָט געענדיגט רעדען און איז צעריק אויפ׳ן הימעל אַרויף.

### ג. דער מלאך סנדלפון קומט אראָפּ

אויף מאָרגען האָט רבי יוסף אָנגעהויבען מאַכען נייע הכנות, אום צו דערנעהענטערן די גאולה און ער האָט זיך פאַר דעם גענומען מיט נאָך מעהר קראַפט און כח איידער פריהער. און ער מיט די פינף תלמידים זיינען אַרוים פון וואַלד און זיי זיינען אויפגעשטאַנען און זיינען אַוועק אין דער מדבר. דאָרטען האָבען זיי געפאַסט נאָך איין און דרייסיג טעג, זיי האָבען קיין ברויט ניט געגעסען און קיין וואַסער ניט געטרונקען. און כדי זיי זאָלען ניט אַוועק׳חלש׳ן, האָבען זיי זיך געשטאַרקט מיט די בשמים, וואָס רבי יוסף האָט גענומען מיט זיך אַרויסגעהענדיג פון צפת. און פון לאַנגען פאַסטען האָט זיך פון זיי שוין באַלד אויסגעטאָן דער גאַנצער גוף און זייערע נשמות זיינען געלייטערט געוואָרען. און זיי זיינען אַוועק פון דער מדבר און זיי זיינען געקומען צו אַ טייך, האָבען זיי זיך אין ריינעם וואַסער טובל געווען איין־און־צוואַנציג טבילות אַקעגען דער צאָהל פון אהי״ה, וואָס דאָס איז דער נאָמען פון גאָט, און דערנאָך זיינען זיי אַרויפגעשטיגען אויף אַ שפּיץ־באַרג און האָבען זיך אויף איהם אויסגעצויגען אין זייער פולער לענג און דריי טעג זיינען זיי אַזוי אָפּגעלעגען און ניט געגעבען זיך קיין ריהר.

און אַז ס׳איז געקומען דער פאַרנאַכט פון פערטען טאָג האָבען זיי אָנגעטאָן טלית ותפלין און זיך געשטעלט דאַווענען מנחה און זאָגען סליחות. און אַז ס׳איז געקומען צו גאָט׳ס נאָמען האָבען זיי איהם מיט ז׳ער גרעסטער כונה און מיט דער גרעסטער מורא אַרויסגערעדט בפירוש, אַזוי ווי ער שטעהט געשריבען, און מיט די ריכטיגע נקודות.

---

**הכנות** (האַכאַנעס)—צוגרייטונגען, פאַרבערייטונגען. **חלש׳ען** (כאַלעש׳ן)—ווערן בעוואוסטלאָז, **to faint**. **לייטערן**—רייניגען, פריי מאַכען פון זינד. **אהי״ה** (עהיע)—איך אַליין. **בפירוש** (בעפּעירעש)—דייטליך, קלאָר, פול.

און ווי נאָר זיי האָבען אויסגעשפּראָכען דעם מורא׳דיגען שם, האָבען זיך אין דער לופטען פּלוצלונג באַוויזען די הייליגע חיות, וואָס די נביאים ישעיהו און יחזקאל האָבען געזעהן אין דער זעהונג, און אַרום די חיות האָט געברענט אַ פייער, און פון הימעל האָט אַראָפּגענידערט דער גרויסער מלאך סנדלפון מיט זיין מחנה, מיט דונערן און בליצען. און אַז רבי יוסף מיט זיינע פינף תלמידים האָבען דאָס דערזעהן, זיינען זיי געפאַלען אויף זייערע פּנים׳ער און זיי האָבען אויסגערופען: „ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד!״ און זייערע



נשמות האָבען זיך אָפּגעטיילט פון זייערע גופים. און דאָס גאַנצע פּלאַץ איז אָנגעפילט געוואָרען מיט דונערען און בליצען. און די שכינה אַליין האָט אַראָפּגענידערט ביז צעהן איילען פון דער ערד.

די הייליגע חיות — גאָט אנטפּלעקט זיך צום נביא ישעיה און צום נביא יחזקאל דורך מורא׳דיגע, ברענענדיגע חיות און מלאכים. ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד (באָרוך שעים קעוועיד מאַלכוסעי לעאָלאַם וואָעד) — געלויבט איז דער נאָמען פון זיין הערליכער מלוכה ביז אויף אייביג (איינער פון די פייערליכסטע אויסרופען, וואָס זיינען געווענדעט אויף גאָט).

און סנדלפון האָט אויסגערופען מיט אַ מורא׳דיגען קול:

— וואָס באַגעהרט איהר אַזוינס, איהר מענשען־קינד׳ער, איהר זיהן פון ווערים און אומקריכענדיגע זאַכען, וואָס איהר קומט אויפ־רודערן אי די אונטערשטע וועלט אי די אויבערשטע? קערט זיך אום צעריק אויף אייערע טריט, איך זאָל אייך ניט פאַרברענען מיט׳ן אָטעם פון מיין מויל!

און גאָט׳ס גבורה איז געווען אויף רבי יוסף׳ן און ער האָט זיך געשטאַרקט און געקרעפטיגט אין זיין געבעט און ער איז אויפגע־שטאַנען און אויסגעטאָן די שיך פון זיינע פיס און ער האָט אַזוי געזאָגט:

— מלאך פון גאָט דעם האַר, דו שליח פון דעם גרויסען און דער־הויבענעם הערשער, דערבאַרעם זיך אויף מיר, דו מיט דיין גאַנצער הייליגער מחנה, און לאָז לעבען מיך מיט אַלע, וואָס האָבען זיך צו מיר באַהעפט. דו ווייסט דאָך וואויל, אַז נאָר צוליב דעם הויז פון ישראל און דער ירושה פון גאָט טו איך דאָס אַלץ, און איך האַלט מלחמה מיט׳ן שטן און זיין הערשאַפט כדי צו קענען הויך אַוועק־שטעלען גאָט׳ס שטול. העלף מיר נאָר צוצעברעכען זיין אומריינעם יאָך און לויז צו מאַכען גאָט׳ס אויסדערוועהלטע פון זייער גרויסער ענגשאַפט!

און דער מלאך האָט איהם געענטפערט און ער האָט צו איהם אַזוי געזאָגט:

— גוט און ריכטיג זיינען דיינע רעדי׳ דו׳ זוהן פון אַ מענשען. און זאָלסט וויסען זיין, אַז אויך איך און מיט מיר אין איינעם דער גאַנצער הייליגער חיל פון ברענענדיגע מלאכים און אַלע שטילע מלאכים, מיר אַלע זיצען נאָר און וואַרטען: ווען וועט שוין אונזער גרויסער מלך נקמה נעמען פאַר ציון און אומקערען זיך צום באַרג פון דוד? אָבער וואָס זאָלען מיר טאָן, אַז דאָס איז איבער אונזערע כחות? די שליסלען פון דער גאולה געפינען זיך נאָר אין די הענט

---

גבורה (געוואורע)—קראפט. די ירושה פון גאָט—גאָט׳ס טייערער פאַרמעג. לויז—פריי, גראם.

פון אכתריאל, דעם האַר פון אַלע הימעלשע האַרען און מטטרון, זיין מלאך. וואָס איז אַם נעהענטסטען צו גאָט און נאָר זיי אַליין קענען ביישטעהן קעגען סמאל'ן, דעם פאָטער און דעם עלצטען פון אַלע טומאות.

און רבי יוסף האָט געזאָגט:

— אַז איך האָב שוין זוכה געווען צו זעהן אַ מלאך פון גאָט און איך האָב מיט איהם גערעדט פנים אל פנים און איך בין ניט געשטאָרבען, וועל איך מיין כח אויך ווייטער פּרואווען און איך וועל מיך ווייטער פייניגען פאַר מיין פאָלק וואָס איז נעבאָך אַזוי געפאַלען און ווערט געמאַטערט פון דור צו דור.

ד. די מלאכים ווייזען רבי יוסף'ן דעם וועג צו דער גאולה.

און ס'איז געקומען דער פריהמאָרגען און מיט איהם האָט זיך אָפּגעטאָן די גאַנצע זעהונג. בלויז די גראָזען פון פלאַץ זיינען געווען פאַרברענט פון פייער און אַ מורא'דיגע שלאַפקייט האָט זיך געפיהלט אין אַלץ.

און רבי יוסף און זיינע תלמידים, וואָס זיינען קוים געבליבען לעבען פון אַלץ וואָס זיי האָבען געזעהן און געהערט, זיינען אַריין אין אַ הייהל אָפּרוהען. און אַז זיי זיינען אַ ווײַלע געלעגען שטיל און זיך אָפּגערוהט, איז זייער רבי אויפגעשטאַנען און אַרויס פון הייהל און זיך גענומען אַרומקוקען אין אַלע זייטען און אויסגעקוקט האָט ער אַזוי ווי אַ מת, וואָס בלאָנדזשעט אַרום אין עולם התהו. און די תלמידים זיינען ביי זיך שטאַרק אַראָפּגעפאַלען, און זיי האָבען זיך אַליין אָנגעהויבען פרעגען: אפשר איז אומזיסט זייער גאַנצע מיה? אפשר מאַטערן זיי זיך צוליב גאָרנישט, וואָרים דער קץ איז נאָך ניט געקומען? אָבער באַלד האָבען זיי זיך אַליין צעריק געקרעפ-

אכתריאל (אַקאַסריעל). מטטרון (מעטאַטרעיון). סמאל (סאַמאַעל)—דער שטן עלצטער—אויבערהאַר, שעף, chief. עולם התהו (עילאַם האַטעיהו)—די וועלט פון וויסטקייט און גאַרניט (עס הייסט, אַז געוויסע זינדיגע נשמות נאָכ'ן טויט קריגען אַ שטראָף נאָך ערגער איידער דער גיהנום. זיי ווערן פאַר'משפּט נע וַנד צו זיין אין דער וועלט פון כאַאָס און גאָרניט).

טיגט און געזאָגט: לאָמיר האָבען אמונה אין אונזער רבי'ן און טאָן ווי ער האָט אונז באַפוילען. און רבי יוסף האָט געוואוסט, וואָס עס קומט פאַר ביי זיי אין די געדאַנקען, און ער האָט זיי אַרומגע־קליבען אַרום זיך און צו זיי געזאָגט:

— מיינע טייערע תלמידים! איהר זעהט דאָך, אַז מיט אונ־זערע צירופים און שמות און תפלות און פייניגונגען האָבען מיר אויפ־געררודערט די וועלט מיט איהר גאַנצען באַשטאַנד און ברענענדיגע מלאכים האָבען צו אונז אַראָפּגענידערט. זאָל דאָס פאַר אייך זיין אַ סימן, אַז האַלב וועג זיינען מיר שוין אַריבער, און אויב, חלילה, איהר ווערט איצט מיד און אייערע כחות טוען זיך פון אייך אָפּ, זאָלט איהר וויסען זיין, אַז די מיה פון אַלע דורות, וואָס פאַר אונז, איז געווען אומזיסט. שטאַרקט זיך און פאַרלירט ניט דעם בטחון און הייליגט זיך וואָס מעהר און מעהרט נאָך אייער תפלה טאָן צו גאָט דעם הערשער, און ער וועט אונז ניט פאַרלאָזען.

און ווי נאָר זייער רבי האָט אָפּגערעדט, אַזוי האָט זיך זייער פריהערדיגער כח צו זיי באַלד אומגעקערט, און זיי זיינען אויפגע־שטאַנען און געשוואָרען, אַז זיי וועלען געהן מיט איהם וואוהין ער וועט זיי פיהרען אַפילו ביז אין עק־וועלט.

און אַלע זעקס האָבען זיך איצט פון דאָס ניי גענומען מכין זיין פאַר דער גאולה, און אַזוי שטאַרק און מיט אַזאַ כונה האָבען זיי זיך צוגעגרייט, גלייך ווי דאָס אַלץ וואָס זיי האָבען פריהער גע־טאָן וואָלט נאָר געווען אַ קינדער־שפּיל. פערציג טעג און פערציג נעכט האָבען זיי געפאַסט און זיך געפּייניגט, אַקוראַט ווי משה רבינו בשעת ער האָט געקראָגען די תורה און ווי אליהו הנביא אויפ'ן באַרג חורב. און יעדען אין־דער־פריה און יעדען פאַרנאַכט האָבען

---

**אמונה** (עמונע)—גלויבען. **באַשטאַנד**—עקזיסטענץ, באַשאַפונג, אַלץ וואָס איז פאַראַן. **מכין** (מעיכין) **זיין זיך**—פאַרבערייטען זיך. **חורב** (כעירעוו)—וועגען אליהו הנביא דערצעהלט זיך, אַז אין אַ שלעכטער צייט, ווען ער איז געווען דערשלאָגען און פאַרביטערט, איז ער אַוועק צום באַרג חורב און נאָך אַ לאַנגען פאַסטען און מאַטערן זיך האָט איהם גאָט דאָרט געענטפערט.

זיי זיך טובל געווען אין ירדן פערציג טבילות. און יעדעס וואָרט פון זייער יעדער תפלה האָבען זיי אַרויסגעזאָגט מיט די טיפסטע כונות און אויסרעכנונגען פון די הייליגע שמות און זיי זיינען געוואָרען אַזוי הייליג און אַזוי אימה׳דיג איז געוואָרען זייער יעדעס וואָרט, אַז ווען אַ פויגעל איז פאַרבייגעפלויגען איבער זייערע קעפּ, איז ער באַלד פאַרברענט געוואָרען פונ׳ם אָטעם פון זייער מויל און איז אַראָפּ-געפאַלען צו דער ערד אַ טויטער. און אין זייער לייטערונג האָט זיך די גאַנצע וועלט אויסגעלייטערט און די לופט איז געוואָרען אַזוי קלאָר, אַז זיי האָבען געקענט זעהן פון איין עק וועלט ביז׳ן צווייטען: קיין זאַך איז פאַר זיי ניט געווען פאַרשטעלט, קיין זאַך ניט פאַרבאָר-גען און זייער פאַנטאַזיע האָט באַקומען פליגלען און קיין זאַך איז פאַר איהר ניט געווען צו הויך און צו שווער.

און צום סוף פון די פערציג טעג זיינען זיי אויפגעשטאַנען און אַריבער דעם טייך פּשון אין דער טריקעניש, אַזוי ווי פאַרצייטען די בני ישראל דעם ים סוף און דעם ירדן, און זיי זיינען אַרויף אויפ׳ן באַרג, וואָס ביים גרעניץ פון טייך. און דאָרט האָבען זיי זיך מכין געווען צו דאַווענען די גרויסע מנחה. זיי האָבען געמאַכט אַ קרייז אין אַ קרייז און זיך געשטעלט אין מיטען פון אינעווייניגסטען קרייז און אַלע זעקס האָבען זיך גענומען פאַר די הענט און איינער האָט דעם צווייטען געשטאַרקט און זיי האָבען געשריען צו גאָט און זיי זיינען אַרומגעגאַנגען אַרום קרייז זיבען מאָל, ביז אַ פייער האָט גע-נומען ברענען אַרום זיי. און שטעהענדיג אין מיטען פייער האָבען זיי מיט דער הייליגסטער און טיפסטער כונה אָנגעהויבען אַרויסרעדען גאָט ברוך הוא׳ס גרעסטען און מורא׳דיגסטען נאָמען און מיט דעם דאָזיגען שם האָבען זיי באַשוואָרען די גרעסטע מלאכים אכתריאל און מטטרון מיט זייערע מחנות, אַז זיי זאָלען קומען און זיי העלפען.

און ווי נאָר זיי האָבען דעם גרעסטען און דעם מורא׳דיגסטען נאָמען אויף זייערע ליפּען אַרויפגעבראַכט, איז געוואָרען אַ גרויסע ערד־ציטערניש און עס זיינען פאַרציטערט געוואָרען די בערג און די

---

**פּשון** (פּישעין)—איינער פון די פיר טייכען, וואָס האָבען אַרויסגעשטראָמט פון גן עדן.

**די גרויסע מנחה** (מנחה גדולה)—זי ווערט אין געוויסע צייטען געדאַווענט בייטאָג און אויסגעצויגען דורך ספּעציעלע תפלות.

טאָלען און די גאַנצע וועלט איז פול געוואָרען מיט דונערן און בליצען און די הימלען האָבען זיך אויפגעעפענט און די מלאכים און די הימעלשע חילות זיינען אַראָפּ אין אַ פייערדיגען שטורם און אין פייערדיגע רייטוועגען און האָבען׳ זיי געוואָלט פאַרברענען. און ווען זייערע הענט וואָלטען ניט געווען געקייטעלט איינע אין דער צווייטער, וואָלט טאַקע פון זיי אין איין רגע געוואָרען אַ באַרג אַש און רויך. און אכתריאל און מטטרון האָבען צו זיי מיט אַ שטאַרקען קול אויסגערופען נאָך פון וויטען :

— ווער זייט איהר און וואָס איז אייער באַגעהר׳ וואָס איהר דערוואַגט אייך אַרויסצורעדען דעם נאָמען פון דעם מלך פון דער גאַנצער וועלט? און אַזאַ זאַך איז נאָך ניט געטאָן געוואָרען פון ששת ימי בראשית אָן!

און רבי יוסף האָט געענטפערט מיט גרוים שרעק און פחד :

— דערבאַרעמט זיך אויף מיר, איהר דערבאַרעמדיגע מלאכים, און ריהרט מיך ניט אָן צום שלעכטען. איך ווייס וואויל, אַז איהר זייט גערעכט׳ אָבער איך האָב ניט געקענט רוהען צוליב דער שטאָט ציון׳ דערזעהענדיג ווי טיף זי איז געפאַלען און ווי נאָך נידריגער זי זינקט אַלץ אַראָפּ. און איך וועל ניט אָפּטרעטען פון מיין אָרט און איך וועל ניט מינערען מיין מיה, ביז גאָט׳ס פאָלק וועט ניט אויפגעהויבען ווערן פון מיסט און עס וועט ניט צוריקקריגען זיין ירושה. און אַפילו ווען דער באַשעפער וועט מיך טויטען וועל איך אַלץ צו איהם האָפען. און איהר׳ העכסטע מלאכים׳ דערבאַרעמט זיך אויף די קינדער פון אברהם, יצחק ויעקב און העלפט מיר דערנעהענטערן די אויסלייזונג, און אויב ניט איצט׳ נאָך אַזעלכע לאַנגאָנעדיגע צרות און יסורים און פּלאַגען, טאָ ווען זשע? וואָרים חלילה וחס, אַז עס זאָל נאָך ווייטער אַזוי דויערען קען נאָך דער נאָמען ישראל אין גאַנצען אָפּגעמעקט ווערן פון צווישען די פעלקער!

און דאָס האַרץ פון די צוויי גרעסטע מלאכים איז געריהרט געוואָרען פון זיין געבעט און זיי האָבען געזאָגט :

---

מינערן—פאַרקלענערן. **חלילה וחס** (ווערכאַס)—גאָט זאָל היטען און זיך דערבאַרעמען.

— זעהר אַ שווערע זאַך האָסטו זיך אונטערגענומען, איינשטעלענדיג דיין לעבען. אמת, אונזער כח איז גרויס און די האַנט פון דעם אויבערשטען פון די אויבערשטע איז מיט אונז, אָבער דערווייליע איז נאָך דאָס קיניגרייך פון שטן אויך זעהר שטאַרק און סמאל האָט צוויי מורא'דיגע מויערן, איינע פון שטאָל און די צווייטע פון אייז, און זיי זיינען הויך פון דר'ערד ביז'ן הימעל און די צוויי מורא'דיגע ווענט טיילען אָפּ דאָס פאָלק ישראל פון זייער פאָטער אין הימעל און לאָזען זיי צו איהם ניט צוקומען. און אויב עס וועט זיך דיר איינגעבען די דאָזיגע אימה'דיגע מחיצות איינצוואוואַרפען, דענסטמאָל וועט דער באַרג פון עשו אויסגעריסען ווערן און יעקב'ן וועט ווערן גראָם. נאָר געדענק, דו זאָלסט זיך זעהר היטען, אַז דו זאָלסט ניט געשטרויכעלט ווערן און דיינע פיס זאָלען זיך ניט אויסגליטשען. וואָרים, וויסען זאָלסטו, אַז טויזענדער מקטרגים און בעזע גייסטער וועלען קעגען דיר אויפשטעהן און די פינסטערנישען פון אַלע וועלטען, וואָס זיי זיינען אָהן אַ שיעור און אָהן אַן ערך, וועלען זיך צו דיר אַ לאָז געבען ווי די טייכען דיך צוצעמישען און דיך צו פּטר'ן. און מיר, די גוטע גייסטער, זיינען גאָר קנאַפּ אין דעם גאַנצען רוים פון גאָרנישט און וויסטקייט.

און איידער זיי האָבען נאָך געענדיגט רעדען איז געקומען אַ וואָלקען און ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד און די מלאכים זיינען אין איהם אַריין אַזוי ווי אין אַ רייטוואָגען און מעהר האָט מען זיי שוין ניט געזעהן. און רבי יוסף האָט ניט געוואוסט פון קיין רוה און ער האָט ביי זיך געשוואָרען, אַז ער מוז מלחמה האַלטען מיט'ן שטן ביז וואַנען ער וועט אונטערגעהן.

ה. די מויער פון שטאָהל און די מויער פון אייז.

און רבי יוסף האָט זיך אָנגעטאָן אַ נייעם כח און ער האָט צוגעגרייט זיינע תלמידים, אַז זיי זאָלען מיט איהם געהן צום באַרג

---

מחיצות (מעכיצעס)—ווענט, זאַכען וואָס טיילען אָדער שיידען אָפּ; איינצאָהל—מחיצה. שטרויכלען—stumble. מקטרג (מעקאַטרעיג)—אַן אָנקלאָגער, אַ באַשולדיגער, אַ פּראָקוראָר. רוים—פּלאַץ, דאָס פּלאַץ פון דער וועלט.

שעיר. האָבען זיי אויסגעטאָן זייערע קליידער און האָבען זיך איינ־
געוויקעלט אין זעק און באַוואָפענט זיך מיט גראָבע שטעקענס
און זיי זיינען אָהן אָפּרוה געגאַנגען קיין לאַנד שעיר. און די ערשטע
איז אַקעגען זיי געקומען צולויפען אַ טשאַטע שוואַרצע הינט און זיי
האָבען אויסגעשטרעקט זייערע לאַנגע צינגער און זייער בילערייי האָט
אויפגעטרייסעלט די נשמה און געשפּאָלטען די הימלען. דאָס זיינען
געווען די ערשטע שלוחים פון שטן פון דער הייהל פון טומאה
אַרויסגעשיקט צו צעמישען זייערע געדאַנקען. האָבען זיי אין דער
מחשבה אויסגעמאָלט דעם שם הויה, זיינען זיי באַלד ניט געוואָרען.
און נאָך זיי זיינען געקומען סטאַדעס רינאָסעראָסען און נאָך זיי טשע־
רעדעס העלפאַנטען און פון זייערע מיילער האָט אַזש גערונען אַ שוים.
האָבען זיי אין די געדאַנקען דערמאָנט דעם שם שדי זיינען זיי גלייך
דורך דער ערד אַוועק. און פּלוצלונג איז אַקעגען זיי אויסגעוואַקסען
אַ מורא׳דיגער בארג פון אייז און זיין שפּיץ האָט דערגרייכט ביז׳ן
הימעל און מען האָט זיך ניט געקענט אַ קער טאָן ניט רעכטס און
ניט לינקס. האָבען זיי אויף די געדאַנקען אַרויפגעבראַכט דעם שם
אדני, איז דער באַרג תיכף צעגאַנגען געוואָרען. אָבער פון צעגאַנ־
גענעם אייז האָט זיך פּלוצלונג צעגאָסען אַ טיפער טייך און זיי האָבען
ניט געקענט געהן ווייטער. האָבען זיי געטראַכט וועגען גאָט, און
אין דער רגע איז דער טייך אויסגעטריקענט געוואָרען.

און זיבען טעג מיט זיבען נעכט זיינען זיי געגאַנגען אין וועג און
אַלע צאַהמען זיינען פאַר זיי איינגעבראָכען געוואָרען און אַלע ווענט
זיינען פאַר זיי איינגעפאַלען און פון אַלע שטרויכלונגען האָבען זיי
זיך אויסגעהיט און אַלע שטערענישען זיינען זיי בייגעקומען. נאָר פּלו־
צים האָט זיך פאַר זיי אויפגעהויבען אַ מויער פון שטאָהל און זי איז
געווען אַזוי הויך, אַז זי האָט פאַרשטעלט די שיין פון דער זון און זיי

---

שעיר (סעיאיר)—אַ בארג, וואו עס ווערט דערצעהלט, עשו (עיסאָוו) הרשע האט געוואוינט. דעריבער איז דער בארג שעיר אַ ארט פון אומריינקייט און זינד. שוים—פּיענע, **foam**.
שדי (שאַדאַי)—נאָך איינער פון גאָט׳ס נעמען.

האָבען איבער איהר ניט געקענט אַריבער און ניט געקענט זיך פאַר־קירעווען ניט רעכטס און ניט לינקס. אָבער רבי יוסף האָט באַפוילען זיינע תלמידים און זיי האָבען אויף זייערע שטעקענס אויסגעקריצט דעם פסוק: „חרב לה׳ ולגדעון!״ און זיי האָבען מיט די שטעקענס אַ זעץ געגעבען אין מיטען מויער, האָט זיך אין דער וואַנט געעפענט אַ טויער, זיינען זיי דורך איהם אַריין. און הינטער דער מויער זיינען גע־ווען אַ סך חורבות און אין איין חורבה זיינען געווען צוויי שוואַרצע כלבים גרויסע און מורא׳דיגע, און איינער איז געווען אַ הונט און דער צווייטער אַ צויג. האָבען זיי זיי אויך געוואָלט פּטר׳ן מיט גאָט׳ס נאָ־מען. האָבען זיי אויף גיך זיך פאַרשטעלט און אָנגענומען די גע־שטאַלט פון מענשען מיט פליגלען און פול מיט אויגען. האָט רבי יוסף גענומען צוויי בלייענע קמיעות, וואָס ער האָט ביי זיך געהאַט אָנגע־גרייט שוין זייט אַ צייט, און ער האָט זיי אויף גיך אויפגעהאַנגען אויף זייערע העלזער. אויף איין קמיע איז געווען אויפגעשריבען דער פסוק: „און ער האָט געזאָגט דאָס איז דאָס בעז, און ער האָט עס אַריינגעוואָרפען אין דער מאָס און ער האָט דאָס בליי אַריינגעוואָר־פען איהר אין מויל״. און אויף דער צווייטער איז געווען אויפגעשרי־בען: „גאָט זאָל אויף דיר אָנשרייען, דו שטן, און עס זאָל אויף דיר אָנשרייען דער, וואָס האָט אויסדערוועהלט ציון און ירושלים״.

און אַז זיי האָבען דערזעהן, אַז זיי זיינען געבונדען, האָבען זיי ביים מענשען זיך זעהר שטאַרק גענומען בעטען און זיי האָבען גע־

---

**חרב לה׳ ולגדעון** (כערעוו לאַדענאַי אולגידעין)—אַ שווערד צוליב גאָט און צוליב גדעון. די ווערטער זיינען אין ספר שופטים (**Judges**), וואו עס דערצעהלט זיך אַז גדעון, איינער פון די שופטים, איז מיט אַ הייפעל אידען געגאַנגען אויף מלחמה קעגען די אידישע שונאים און זיי בייגעקומען; דער קריג־געשריי פון יענע גבורים איז געווען דאָס אויבען־געבראַכטע. **חורבה** (כורווע)—אַן איינגעפאַלען הויז; מעהרצאָהל—**חורבות** (כורוועס). **כלבים** (קעלאָווים)—הינט; איינצאָהל—**כלב** (קעלעוו). **צויג**—די זי פון׳ם הונט. **פּטר׳ען** (פּאַטערן)—אַוועק׳הרג׳ענען. **קמיע** (קאַמייע)—אַ שטי־קעל פּאַרמעט (געוועהנליך אַרומגעשלאָגען מיט אַ שטיקעל בליי אָדער בלעך), אויף וועלכען עס איז אָנגעשריבען אַ הייליגער שם, אַ שפּרוך אָדער אַ צאָהל לויט דער קבלה; מעהר־צאָהל—**קמיעות**. **און ער האָט געזאָגט א. א. וו.**—די פסוקים זיינען, דער ערשטער פון יחזקאל (**Ezekiel**), דער צווייטער פון תהלים.

זאָגט: „מיר זיינען סמאל און לילית, וואָס האָבען געקיניגט איבער דער גאַנצער וועלט און קיינער האָט ניט אַזאַ בעזע קראַפט ווי מיר, אָבער איצט זיינען מיר אין דיינע הענט. טאָ גיב אונז כאָטש אַ ביסעל וואַסער אויף צו דערקוויקען אונזערע הערצער”.

אָבער דער וואָס האָט מלחמה געהאַלטען גאָט'ס מלחמה האָט ניט געוואָלט דערפילען די בקשה פון שטן, האָט ער זיי געפיהרט מיט זיך אויף אַ קייט און איז געגאַנגען ווייטער. און רבי יוסף איז געגאַנגען פאָרויס און צוויי תלמידים פון דער רעכטער זייט און צוויי פון דער לינקער און איינער פון הינטען. און אַזוי זיינען זיי דורכגעגאַנגען די גאַנצע מדינה פון שעיר.

### ז. רבי יוסף'ס פּסק

אָבער אַז מען איז געקומען צום גרעניץ, האָט רבי יוסף דערפיהלט אַ שוואַכקייט פון לאַנגען ניט־עסען און ניט־טרינקען, האָט ער אַרויסגענומען אַ שטיקעל ווייראַך פון זיין בינטעל בשמים און אַ שמעק געטאָן עס כדי זיך צו שטאַרקען. איז ווי סמאל האָט דאָס דערזעהן, האָט ער אָנגעשטעלט אַ מורא'דיג רחמנות־פּנים'על און געזאָגט:

— איך בין דאָך איצט אין דיינע הענט און דו קענסט דאָך מיט מיר טאָן, וואָס דו ווילסט נאָר אַליין און סאַי ווי וועל איך דאָך באַלד שטאַרבען און געהן כף הקלע, קענסטו דאָך מיר כאָטש אַזאַ קליי־ניגקייט ניט אָפּזאָגען: גיב מיר אויך כאָטש איין שמעק טאָן פון'ם ווייראַך און לאָמיך וויסען, אַז דער מענש קען אויך טאָן גענאַד מיט זיינע פיינט.

---

לילית—סמאל'ס ווייב (אין דער לעגענדע איז זי די צוויבערליכע פאַרפיהרעריז, וואָס ציהט די מאַנסבילען אריין אין אַלע זינד). פּסק (פּעסאַק)—אַן אָפּשניט, אַ מיאוסער סוף, אַ שטראָף. ווייראַך—incence, frankincence כף הקלע (קאַף עקאַל)—(אַ שליי־דער־לעפעל, מיט וועלכער מען פלעגט שיסען שטיינער אין ביבלישע צייטען) אַזאַ שטראָף אויף יענער וועלט, וואו מען ווערט פון בעזע גייסטער אַרומגעשליידערט פון איין עק וועלט ביז'ן אַנדערען.

דאָס איז געווען דעם שטן׳ס פאַלשקייט. אַ פיש אויף אַ ווענדע און אַ מענש אויף חניפה. און אויך רבי יוסף דילה ריינה איז געפאַנגען געוואָרען אין איהר נעץ. האָט איהם סמאל׳ס געבעט דערנומען און ער האָט איהם געגעבען אַ שמעק טאָן פון דעם וויירעך. איז ווי נאָר דער ריח איז אריין אין סמאל׳ס נאָזלעכער, אַזוי איז פון זיי באותו רגע אַרויס אַ פלאַם פייער און די גאַנצע וויירעך איז פאַרברענט געוואָרען. איז עס געווען אַזוי ווי קטורת, ווי אַ קרבן צו אַ פרעמדען גאָט, צום גאָט פון די שדים.

און אין דער רגע איז דער כח פון דער קדושה בטל געוואָרען, גלייך ווי עס וואָלט גאָר ניט געווען, און דער שטן און זיין פאָר האָבען זיך באַלד אָפגעריסען פון זייער קייט און די בלייענע קמיעות האָבען זיי אַראָפגעוואָרפען פון זייערע העלזער און דאָס גאַנצע פלאַץ איז פלוצים פול געוואָרען מיט פינסטערניש און נעפעל. און דעם שטן׳ס פרייליכע נקמה־הירזשעריי האָט פאַרהילכט די גאַנצע וועלט און רבי יוסף דילה ריינה, וואָס האָט שוין שיער־שיער משיח׳ן ניט אַראָפגעבראַכט, און זיינע פינף טרייע תלמידים, זיינען געפאַלען טויטע ביים גרעניץ פון דער מדינה שעיר און ס׳איז פון זיי געוואָרען אַש און רויך.

**ווענדע**—angle. **באותו** (בעעיסעי) **רגע**—איז דער זעלבער סעקונדע. **בטל** (באַטל) **ווערן**—אָפגעשאַפט ווערן, ווערן אויס, ווערן גאָר ניט. **נעפעל**—טומאַן, mist, **הירזשען**—שרייען ווי אַ פערד אָדער אַן עזעל.

---

„ר׳ יוסף דילה ריינה“ איז איינע פון די שרעקליכסטע אידישע פאָלקס־געשיכטען און איז זעהר אַ גוטע ביישפיל פון די פיעל קבלה־מעשות, וואָס דערצעהלען וועגען מענשען, וואָס האָבען געפּרואווט אַראָפּברענגען משיח׳ן. די נעמען פון די מלאכים און די אַלע פּראָצעדורעס פון אַראָפּברענגען זיי ווי אויך די באַשרייבונגען פון שטן און לילית, זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער קבלה.

די געשיכטע איז זעהר אַן אַלטע און עס איז ניט מעגליך אָנצושטויסען זיך אויף אַ שפּור פון איהר פאַרפאַסער. אין טעקסט פון דער געשיכטע ווערט זי צוגעשריבען צו רבי יוסף׳ס פינפטען תלמיד יהודה מאיר. דער מקובל רבי יוסף דילה ריינה האָט געלעבט אין צפת אין די ערשטע יאָהרצעהנדליג פון 16טען יאָהרהונדערט.

צפת, טבריה און מירון געפינען זיך ניט ווייט איינע פון די צווייטע אין ארץ ישראל. אין מירון קומט מען בעטען צו ר׳ שמעון בן יוחאי, איינער פון די אַלטע און הייליגע תנאים, וואָס צו איהם ווערט אויך על פי טעות צוגעשריבען דער זוהר, דער ספר, וואָס ווערט באַטראַכט אַלס איינער פון די הויפּט־קוואַלען פון דער קבלה.



# דער טייך סמבטיון

## א. די בני משה

אַמאָל האָט אין איינעם פון די ווייטע מזרח־לענדער געלעבט אַ איד, האָט ער געהאַט זעהר אַ שטאַרקען געמיט און האָט פאַר קיין זאַך קיין מורא ניט געהאַט. און איינמאָל האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז ער וועט זיך אַוועקלאָזען אויף דער וועלט זוכען די צעהן אידישע שבטים, וואָס פון זינט דער מלך אשור האָט זיי פאַר־טריבען פון ארץ ישראל קיין חלח וחבור, זיינען זיי אינגאַנצען פאַרלאָרען געוואָרען און קיינער וויים אַפילו ניט, וואו חלח וחבור געפינען זיך ערגעץ.

האָט דער איד פאַרגאַרטעלט זיינע לענדען און זיך אַוועקגעלאָזט וואַנדערן, איז ער געגאַנגען פון איין לאַנד אין דעם צווייטען, פון

---

**די בני משה** — די זיהן, די אַרויסגעקומענע פון משה רבינו. **געמיט** — גייסט, נאַטור, כאַראַקטער. **די צעהן אידישע שבטים** — איז יאָהר 977 פאַר דער קריסט־ליכער צייטרעכענונג איז די אידישע מלוכה צעשפּאַלטען געוואָרען אויף צווייען, די קלע־נערע טייל, באַשטעהענדיג פון די שבטים יהודה און בנימין, האָט געהייסען מלכות יהודה, די גרעסערע טייל, באַשטעהענדיג פון די איבעריגע צעהן שבטים, האָט זיך גערופען מלכות ישראל. אין דעם יאָהר 721 פאַר דער קריסטליכער רעכענונג האָט דער קעניג פון אשור (**Assyria**) די צעהן שבטים פאַרטריבען אין חלח וחבור (כאַלאַך וועכאַוועיר) ביים טייך גוזן (געיזען) און אין די שטעדט פון מדי. **לענד** — זייט. **פאַרגאַרטלען די לענ־דען** — אַרומגאַרטלען זיך, צוגרייטען זיך פאַר אַ שווערער און ריזיקאַלישער אונטער־נעמונג.

איין מדינה אין דער אַנדערער, ביז ער איז אָנגעקומען קיין אַלעק-סאַנדריע פון מצרים. און נאָך אַלעקסאַנדריע איז ער אַריבער דעם ים און נאָך׳ן ים איז ער געקומען אין אַ גרויסען מדבר, וואו עס זיינען געווען משונה׳דיגע חיות, זעקס איילען די הויך, מיט פינף פיס און דריי אויגען. און נאָך׳ן מדבר איז ער געקומען אין אַ פליין פול מיט פּאַשע און אַזוי ברייט איז ער געווען, אַז ער האָט ניט געקענט זעהן זיין ברעג. און דער וואַנדערער איז געווען מיד, האָט ער דאָרט איבערגענעכטיגט די נאַכט.

אויף מאָרגען אין דער פריה ווי נאָר ער איז אויפגעשטאַנען פון שלאָף, איז געקומען אַ שטאַרקער ווינט און האָט איהם אויפגעהויבען און געבראַכט צוטראָגען אין אַ לאַנד פון בערג און צופוסען פון די בערג זיינען געווען גרויסע און רייכע שטעט פול מיט די טייערסטע סחורות און צווישען די שטעט לויפט אַ גרויסער טייך. האָט ער זיך נאָכגעפרעגט ביי די מענשען ווי רופט מען דעם טייך, האָבען זיי געזאָגט: גוזן. און וואו פיהרט ער, דער טייך גוזן? האָבען זיי געזאָגט, אַז וואו ער פיהרט ווייס קיינער ניט, אָבער ער גרעניצט זיך מיט די מדינות חלח וחבור, וואוהין דער מלך אשור האָט אַמאָל פאַרטריבען די צעהן שבטים פון די אידען.

איז ווי דער וואַנדערער האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיך זעהר פאַרוואונדערט און דערפרייט און געזאָגט: „ניט אַנדערש, אַז גאָט האָט מיך אַהערצו געבראַכט, ער האָט לסוף פאַרנומען מיין געבעט און ער וויל מיך פיהרען אין לאַנד פון די פאַרלאָרענע ברידער“.

און ער האָט זיך געווענדעט צו די מענשען און ער האָט צו זיי געזאָגט:

— אם כן, אַז איהר ווייסט שוין יע פון חלח וחבור און די צעהן שבטים, מוזט איהר דאָך אודאי אויך ניט זיין קיין פרעמדע. טאָ זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווער זייט איהר?

---

משונה׳דיג (מעשונעדיג)—אומגעוועהנליך, אומנאַטירליך, **monstrous**. **פּאַשע**—גראָז פאַר פיה צו עסען, **pasture**. **אם כן** (אים קעין)—ווי באַלד אַזוי.

האָבען זיך די מענשען אָפּגערופען און געזאָגט:

— ריכטיג זיינען דיינע רעד. ניין, מיר זיינען ניט קיין פרעמ-דע. זאָלסט וויסען זיין, אַז מיר זיינען די קינדער פון אונזער האַר און פאָטער משה רבינו. און ער, גאָט'ס באַגלויבטער מענש, האָט פאַר זיין טויט אָנגעזאָגט זיינע קינדער, אַז זיי זאָלען ניט וואוינען צווישען די פעלקער, נאָר זיי זאָלען וואוינ(ע)ן פאַר זיך אַליין. האָבען אונזערע אור־אור־עלטערן געפאָלגט זייער היילינען פאָטער, דעם איש אלהים, און זיי זיינען ,ק אין דער מדבר און דאָרט האָבען זיי געדינט גאָט מיט'ן גאַנצען האַרצען אָהן שום שטערע-ניש. און אין דורות אַרום זיינען די אור־אור־אייניקלאַך אַוועק פון דער מדבר און זיי זיינען געקומען אין אַ לאַנד פון ישוב. אָבער אַליין זיינען זיי געוועזען אַליין. און זייערע קינדער זיינען געגאַנגען אין אַנדערע לענדער, ביז אַט איצט געפינען מיר זיך אין דעם דאָזיגען לאַנד. און אויך איצט זיינען מיר אַליין, אַזוי ווי אונזערע עלטערן פאַר אונז און ווי אונזער ערשטער פאָטער האָט אונז אָנגעזאָגט און תמיד דינען מיר גאָט, דעם גאָט פון משה רבינו, מיט'ן גאַנצען האַרצען און קיין זאַך שטערט אונז אין דעם נישט.

האָט זיך דער וואַנדערער זעהר דערפרייט, און ער איז ביי זיי געבליבען וואוינען אַ שטיקעל צייט, וואָרים ער האָט געוואָלט בעסער באַנעמען זייער שטייגער לעבען. האָט ער דערזעהן, אַז זייער לאַנד איז זעהר גרויס און שען און אַרום און אַרום לויפען גרויסע טייכען. און זיי זיצען אין גרויסע שענע הייזער און הויכע טורעמס און זיי האָבען גערטנער און סעדער, וואָס גיבען אַרויס די טייערסטע פרוכטען אין דער וועלט. און אין לאַנד הערשט שטענ-דיגע רוהיגקייט און שלום. און אויף זייער ערד געפינט זיך ניט קיין שום אומריינע זאַך און קיין שום מיאוס'קייט, קיין שלאַנגען און קיין הינט. און די מענשען ווייסען דאָרט ניט פון קיין שום חלאת און אַז אַ מענש דאַרף שטאַרבען לעגט ער זיך אַריין אין זיין

---

**איש אלהים** (איש עלעיהים)—אַ געטליכער מענש. **מיאוס'קייט**—אַ באַשעפעניש, וואָס מענשען עקעלט פון דעם, ווי אַ שטייגער אַ מויז. **חלאת** (כאַלאַאס)—קראַנקהייט.

בעטעל, לאָזט איבער אַ צוואה פאַר זיין הויזגעזינד, צעזעגענט זיך מיט זיי, ציהט אויס די פיס און שטאַרבט אַ גרינגען טויט. און קיינער וויינט דאָרט ניט נאָך אַ טויטען, וואָרים זיי ווייסען, אַז דער טויטער געהט אַוועק אין אַן אַנדער וועלט, וואו עס וועט זיך פאַר איהם אָנהויבען אַן אַנדער לעבען. און לעבען לעבט מען דאָרט הונדערט מיט צוואַנציג יאָהר, אַזוי ווי משה רבינו, און קיינמאָל טרעפט ביי זיי ניט, אַז אַ פאָטער זאָל איבערלעבען אַ זוהן.

און טייערער פון אַלץ אין דער וועלט איז ביי די בני משה דער אמת. און קיינמאָל שווערען זיי זיך ניט, אַפילו אויף אַן אמת. און קיינמאָל פאַרשליסען זיי ניט זייערע הייזער און זייערע אוצרות, אַפילו ניט ביינאַכט. אַ קליין אינגעלע טרייבט ביי זיי די טשערעדע אין פעלד און ער האָט קיין מורא ניט פאַר גזלנים און ניט פאַר קיין בעזע חיות און ניט פאַר שדים און קיין שום בעז באַגעגעניש. הייליגע מענשען זיינען זיי און געהען אין די וועגען פון משה רבינו, דעריבער האָט זיי גאָט אויסדערוועהלט און זיי צוגעשיקט אַזא רו-היג גליקליך לעבען.

## ב. דער סמבטיון

און איינמאָל אַז דער וואַנדערער איז אַרומגעגאַנגען און האָט אויסגעזעהן דאָס לאַנד, איז ער געקומען אין אַן אָרט, וואו פון די בערג האָט אַרויסגעשאָסען אַ פלאַם פייער און האָט פאַרדעקט די הימלען. דערנאָך האָט ער דערהערט אַ מורא'דיג ברומען. פרעגט ער די מענשען: „וואָס איז דאָס פאַר אַ פלאַם? און וואָס באַטייט דאָס דאָזיגען ברומען?" האָבען זיי איהם געענטפערט: „דאָס דאָזיגע ברומען, דאָס קומט דאָך פון דעם טייך סמבטיון, וואָס זידט אַ גאַנ-צע וואָך און וואַרפט ברענענדיגען זאַמד מיט שטיינער און נאָר אום שבת רוהט ער, און די פלאַם, זי הויערט עס דאָך אַרום דעם טייך. און הינטער דעם טייך וואוינען עס די עשרת השבטים".

---

**טשערעדע**—די סטאַדע (שאָף, ציגעז אָדער רינדער), **flock**. **עשרת** (אַסערעס)—די צעהן. **עשרת השבטים**—די צעהן פאַרלאָרענע שבטים פון ישראל.

— די עשרת השבטים? האָט דער וואַנדערער געפרעגט פאַר־וואונדערט און דערפרייט — און איהר געהט גאָר צו זיי קיינמאָל ניט?

— ניין — האָבען די בני משה מיט אַ ביסעל טרויער געענטפערט — אָן דער וואָכען לאָזט דער טייך ניט און שבת, ווען דער טייך רוהט, ווּעלען מיר דאָך ניט מחלל שבת זיין. נאָר אין אַ קלאָר וועטער קענען מיר זיי זעהן פון ווייטען און מיט זיי זיך אַפילו דורכ־שמועסן.

— איז גאָר ניטאָ קיין מעגליכקייט צו זיי צוצוקומען? — האָט דער וואַנדערער געפרעגט מיט שרעק און דאַגה.

— מיר ווייסען ניט פון אַזאַ וועג — האָבען די בני משה געענט־פערט — נאָר אפשר וועסטו האָבען מעהר מזל. קענסט פרואווען. נאָר היט זיך, אַז דער טייך זאָל דיך ניט מזיק זיין.

איז דער וואַנדערער אויפגעשטאַנען און זיך געלאָזען געהן אַלץ ווייטער און ווייטער צו דער פלאַם און נאָך'ן ברומען פון טייך, און אויף'ן האַרצען איז איהם געווען זעהר ביטער און ער האָט תפלה געטאָן צו גאָט און געזאָגט:

— גאָט דער האר, ניט שוין איז דאָס מעגליך, אַז איך זאָל זיין אַזוי נאָהענט צום אָרט פון מיין באַגעהר און דאָך אַהין ניט גרייכען? אַזוי לאַנג שוין אַז איך וואַנדער אום און האָב קיין מנוחה ניט. לאָז מיך, גאָטעניו, זעהן מיינע פאַרוואָרפענע ברידער און אָפּגעבען זיי אַ גערים פון זייערע ברידער, די אַנדערע אידען. אָ, לאָ'מיך זיין ביי זיי, אפשר וועל איך פון זיי דערגעהן גרויסע סודות, וואָס נאָר זיי, וועלכע ציהען זיך אינאיינעם אַזש פון פאַר דעם ערשטען חורבן, טוען עס וויסען!

און זייענדיג פאַרטיפט אין זיינע שווערע מחשבות, איז ער אָנגעקומען אין אַ ברייט פלאַץ, וואו עס איז געוואַקסען אַ גרויסער וואַלד אויף די משופּע'דיגקייטען פון בערג, וואו קיין מענשען'ס

---

**מחלל** (מעכאַלעל) **שבת זיין**—פאַרשוועכען (וואָכעדיג מאַכען) דעם שבת. **מזיק** (מאַ־זיק) **זיין**—שעדיגען, פאַראומגליקען. **מנוחה** (מענוכע)—רוה. **גערים**—**greeting**. **משופע'דיגקייט**—זעה משופע'דיג איז „שלח לחמך על פני המים“.

פוס איז קיין מאָל ניט געטראָטען און די ערד איז קיין מאָל ניט באַארבעט געוואָרען. און זייענדיג שטאַרק מיד פון געהן און פון דאגות, האָט ער זיך אַנידערגעלעגט אונטער אַ בוים, אונטער אַ ביידעל פון געדיכטע צווייגען, מיט אַ שטיין צוקאָפּענס און ער איז אַנשלאָפען געוואָרען.

ווי ער שלאָפט אַזוי, חלומ'ט זיך איהם, אַז אַ גרויסער לייטער שטעהט אויף דער ערד און זיין שפּיץ זעהט ער ניט. אַזוי הויך איז




ער, און שטאַרקע קרעפטיגע מענשען, אַזוי ווי די דעמבעם, קלע-טערן אויף איהם אַרויף און אַראָפּ. און אַז ער האָט זיך אויפגע-כאַפּט האָט איהם דאָס האַרץ ניט אויפגעהערט צו קלאַפּען. און אַז ער האָט אַ קער געטאָן זיינע אויגען, האָט ער דערזעהן ניט ווייט פון זיך אַ מחנה באַוואָפענטע מענשען מיט גליהענדע פּנים'ער און אויף די אקסלען טראָגען זיי גרויסע צווייגען ערשט אָנגעהאַקט אין

דעמב—the oak.

וואַלד און אין די הענט האָבען זיי הילצערנע שפיזען און שליידער־לעפעל. האָט ער זיך זעהר דערשראָקען.

איז איינער פון דער מחנה צו איהם צוגעקומען, און געווען איז ער זעהר אַ הויכער און זיין געשטאַלט איז געווען ווי פון אַ ריז און ער האָט איהם געפרעגט אויף לשון קודש: „מענש, ווער האָט דיך אַהער געבראַכט? וואָרים, פון זינט עס איז פאַרטריבען געוואָרען דער כבוד פון שומרון און די עשרת השבטים זיינען פאַרטריבען געוואָרען פון זייער לאַנד, איז דאָ קיין מענשליכע פוס ניט געטראָטען אויסער אונזערער. איצט דאַנק גאָט, וואָס דו ביזט אַ איד, אַז ניט וואָלסטו פאַר קומען אַהער מיט דיין קאָפּ באַצאָהלט". און דער וואַנדערער האָט איהם געענטפערט און געזאָגט:

— יע, דו האָסט ריכטיג געטראָפען. איך בין אַ איד און איך קום פון די מזרח־לענדער, וואו עס זיינען פאַראַן אַ סך, אַ סך אידען. און געקומען בין איך, וויל איך האָב געוואָלט דערגעהן וועגען אייך, אונזערע פאַרלאָרענע ברידער, און אייך זעהן און אָפּגעבען אַ גערים פון אייערע ווייטע, ווייטע ברידער. און איך האָב פון אייך געוואָלט דערגעהן סודות ווי דניאל הנביא.

און די נייעס האָט זיך פאַרשפּרייט אין דער גאַנצער מחנה, אַז אַ איד איז געקומען פון די ווייטע מזרח־לענדער, אַ איד פון יענע אידען, וואָס זיינען זינט טויזענדער יאָהרען געווען אָפּגעריסען פון די צעהן שבטים, און אַלע האָבען זיך געוואונדערט און אַלע האָבען זיך געפרייט.

און די מחנה איז אַוועק פאָרויס און נאָר דער ריז איז געבליבען פון הינטען און געגאַנגען מיט'ן וואַנדערער. וואָרים ער האָט

---

**לשון קודש** (לאָשן קעידעש)—די הייליגע שפּראַך, העברעאיש. **שמרון** (שעימרעין)—די הויפּטשטאָט פון מלכות ישראל. **ס'איז פאַרטריבען געוואָרען דער כבוד פון שמרון**—עס הייסט שמרון איז חרוב געוואָרען. **דניאל הנביא**—איינער פון די לעצטע נביאים נאָך גלות בבל. דאָס בוך דניאל, וואָס ווערט איהם צוגעשריבען, איז פול מיט סודות וועגען דעם וואָס וועט אין די שפּעטערדיגע צייטען פאָרקומען מיט די אידען און מיט דער וועלט. יענע אידען, וואָס זוכען דעם קץ, הערען ניט אויף צו גריבלען זיך אין די פאַרשטעלטע רעד פון ספר דניאל.

געפונען חן אין זיינע אויגען. און אז דער וואַנדערער האָט עס דער־זעהן, איז ער געפאַלען פאַר איהם אויף'ן פנים און געזאָגט:

— מיין האַר, מיין ברודער! איך בעט ביי דיר נאָר איין זאַך און זעה זאָלסט עס מיר ניט אָפּזאָגען. טו עס צוליב די טויזענדער און טויזענדער אידען, וואָס גאַרען אַזוי נאָך אייך און תמיד קלערען זיי אַזוי וועגען אייך און וואָלטען וועלען פון אייך עפּעס דערגעהן. נעהם מיך אריין אין דיין לאַנד, אויף יענער זייט סמבטיון. איך וויים, אַז קיין מענש, אַחוץ אייך, קען דאָס ניט טאָן, אָבער דו מוזט אודאי וויסען אַ פּאָרטעל.

און דער ריז האָט זיך אָפּגערופען און געזאָגט:

— אַ שווערע זאַך האָסטו געבעטען, מיין ברודער. פון זינט מיר זיינען אהער פאַרטריבען געוואָרען, אַ משך פון צוויי און אַ האַלב טויזענד יאָהר, איז אין אונזער לאַנד קיין מענשליכע פוס ניט גע־טראָטען אַחוץ אונזערע. נאָר וויל דו בעטסט מיך אַזוי, און וויל דו האָסט געפונען חן אין מיינע אויגען, וועל איך פּרואווען דערפילען דיין ווילען. אָבער געדענק, איך נעהם מיט דיר אוים אַ תנאי, זאָלסט ניט פרעגען און ניט וועלען דערגעהן צופיעל. טאָמער יע, וועט דיך טרעפען אַ פּסק.

און אַזוי רעדענדיג, זיינען זיי צוגעקומען צום סמבטיון. און דער וואַנדערער האָט געעפענט מויל און אויערן און געקוקט און געהערט.

און דער סמבטיון איז געווען צוויי הונדערט מייל די ברייט, צוויי מאָל די ווייטקייט, ווי עס פליהט אַ פייל פון בויגען. און דער טייך איז פול מיט ברענענדיגען זאַמד און שטיינער אָבער אָהן וואַסער. און די שטיינער האַלטען אין איין פליהען און דער ברענענדיגער זאַמד פליסט אין דער הויך אַזוי ווי פון אַ פייער־שפּייענדיגען באַרג, און די שטיינער מיט'ן זאַמד ברומען און רוישען אַזוי ווי די כוואַליעס פון ים און ווי אַ שטורעם פון פעך מיט שוועבעל. און ביי נאַכט

משך (מעשעך) — די דויער, duration.

הערט מען דאָס רעווען און דאָס צישען פאַר אַ האַלבען טאָג גאַנג. און אין טייך שלאָגען קוואַלען, אָבער דאָס וואַסער קלייבט זיך צו־נויף אין אַ סאַזשעלקע און דערמיט באַוואַסערן די איינוואוינער די פעלדער. און אין דער סאַזשעלקע איז פאַראַן פיש און אַלע מינים ריינע פויגלען פליהען אַרום איהר. און דער דאָזיגער טייך פון שטיינער און זאַמד קאָכט אַלע זעקס טעג פון דער וואָך, אָבער דעם זיבעטען טאָג, שבת, רוהט ער. פרייטאָג־צו־נאַכטס, ווי נאָר דער שבת־קודש קומט אָן, אַזוי ווערט דער טייך אַרומגערינגעלט מיט אַ פייערדי־גער וואַנט און די פלאַמען בלייבען הענגען איבער'ן שטראָם ביז שבת־נאַכט, ווען די שטערען ווייזען זיך אין הימעל. און קיין שום מענש קען צום טייך ניט צוקומען ביז צו דער נאָהענטקייט פון אַ האַל־בען מייל פון יעדער זייט און דאָס פייער פאַרברענט אַלץ דינג, וואָס וואַקסט אויף די ברעגעס. און די לופט אַרום די ברעגעס איז אַזוי קלאָר און לויטער און די געגענד אַזוי גלייך און פלאַך אָהן דער־נער, אַז ווען די צעהן שבטים קומען אַרויס שערען זייערע שאָף, דערזעהען זיי די בני משה און זיי רופען צו זיי: „ברידער, שבטים פון ישורון, לאָזט אונז אָנקוקען אייערע פּיה!" און זיי באַקוקען זיי פון דער אַנדער זייט טייך און זאָגען: „דאָס דאָזיגע שאָף האָט אַ לאַנגען האַלז און דאָס דאָזיגע אַ קורצען עק". דערנאָך ווינשט איי־נער דעם צווייטען אַ גוטען טאָג, און יעדערער געהט זיך זיין וועג.

און דער וואַנדערער האָט געזאָגט צום ריז:

„פיהר מיך אַריבער איבער דעם דאָזיגען טייך און לאָ'מיך זעהן אייער פאָלק און אייער לאַנד און לאָ'מיך וויסען ווי צו לויבען גאָט!"

און דער ריז האָט געזאָגט:

— גוט, האַלט זיך אָן אָן מיין גאַרטעל און געה מיר הארט נאָך.

און ער האָט אַראָפּגענומען זיין צווייג פון זיין אַקסעל און ער האָט מיט איהם געטרייסעלט אין אַלע פיער זייטען אַזוי ווי מען טרייסעלט מיט אַן אתרוג און לולב, און ער האָט זיבען מאָל געזאָגט דעם פסוק:

---

**ישורון** (יעשורון)—אַנאַנדער ביבלישער נאָמען פאַר דער מלכות ישראל.

„כי תעבור במים אתך אני ובנהרות לא ישטפוך כי תלך במו אש לא תכוה ולהבה לא תבער־בך".

און ווי ער האָט אַזוי געשאָקעלט מיט'ן צווייג און אַרויסגעזאָגט דעם פּסוק, האָבען זיך די פאַלענדע שטיינער אָפּגעקערט אָן אַ זייט און דער ברענענדיגער זאַמד האָט אָפּגעבויגען זיין שטראָם. אַזוי ווי דער ווינט בויגט אַ רעגען, און דער דאַמף מיט'ן פייערדיגען וואָלקען האָבען זיך אויפגעהויבען הויך איבער זייערע קעפּ און זיך דאָרט צענויפגענומען און געהאַנגען איבער זיי און זיי באַשיצט אַזוי ווי אַ געפלאָכטענער געצעלט פון צווייגען. און דער טייך האָט גע־ברומט, אָבער דער וואַנדערער איז ניט פאַרטויבט געוואָרען און די שטיינער זיינען געפלויגען אריבער דעם פייערדיגעןביידעל און האָבען צו איהם ניט געגרייכט און דער זאַמד האָט געצישעט אַזוי ווי די שלאַנגען, אָבער ער איז געפאַלען פון ביידע זייטען פון פייער־זייל און האָט איהם ניט אָנגעריהרט. און אונטער זייערע פיס, ביי יעדען פרישען טראָט, וואָס זיי האָבען געשטעלט, איז אָנשטאָט דעם ברענענדיגען זאַמד אויפגעלאָפען וויכער, גרינער גראָז. און אַזוי זיי־נען זיי געגאַנגען און געגאַנגען און אַרום זיי האָט געברומט און גע־רעוועט, געקאָכט און געזאָטען, געגליהט און גע'שרפ'עט, אָבער זיי זיינען אַריבער בשלום ביז אויפ'ן אקעגענדיגען ברעג.

### ג. די צעהן שבטים

און אַז זיי זיינען געקומען אויפ'ן אקעגענדיגען ברעג, זיינען אַלע אַרויסגעלאָפען אָנקוקען דעם אורח און אַלע האָבען זיך געוואונדערט און אַלע האָבען זיך געפרייט. געפרייט האָבען זיי זיך, וואָס עס איז געקומען איינער פון יענע ווייטע, ווייטע אידען, פון וועלכע

---

**כי תעבור במים** (קי סאַאווער באַמאַאים) **א. א. וו.**—דער פּסוק איז פון ישעיה, קאַפּיטעל מ"ג (43) און זיין טייטש איז: אַז דו וועסט געהן אין וואַסער וועל איך זיין מיט דיר און אַז (דו וועסט אריבערגעהן) טייכען וועלען זיי דיך ניט פארטרינקען; אַז דו'סט געהן אין פייער וועסטו ניט אָפּגעברענט ווערן און די פלאַם וועט דיך ניט ברענען.

**גע'שרפ'עט** (געסאַרפעט)—שטאַרק געברענט.

זייערע אבות אבותם האָבען זיך צעשיידט נאָך פאַר טויזענדער יאָהרען. און געוואונדערט האָבען זיי זיך, וואָס ער איז געבליבען לעבען און דער סמבטיון האָט איהם דורכגעלאָזט. און זיי האָבען איהם געגעבען עסען און טרינקען און זיי האָבען איהם געפיהרט צו זייערע מלכים.

און דער וואַנדערער איז אַרויסגעגאַנגען איבער די מערק און גאַסען, איבער שטעט און דערפער און ער האָט גענומען אויספאָרשען ווי זיי לעבען און וואָס זיי טוען און ווי זיי פיהרען זיך. און ער האָט געזעהן, אַז זיי זיינען אַ גרויס, שטאַרק רייך און גליקליך פאָלק און זיי לעבען אין גאָטספאָרכטיגקייט און פרייקייט. און זייערע מלכים קיניגען איבער זיי מיט חכמה און מיט חסד.

און זיי האָבען אַ סך שטעט מיט מויערן ביז'ן הימעל און אָפענע שטעט. און אַז זיי געהען אַרויס אויף מלחמה, שטעלען זיי זיך אויס אונטער די צוויי פעהנער פון צוויי מלכים און דער נאָמען פון איינעם איז אליעזר און ער קאָמאַנדירט איבער הונדערט מיט אַכציג טויזענד קריגער. און ער איז זעקס איילען די הויך און זיין שווערד איז דריי איילען די לענג און אַז ער שטרעקט איהם אויס פון שייד לעגט ער מיט איהם אַוועק אַכט הונדערט דערשלאָגענע פאַר איין מאָל. און זיינע קריגער רייטען אויף פערד און זיי זיינען גוט געלערנט פאַר מלחמה און די פערד בייסען און רייסען דעם שונא און צעטרעטען איהם מיט זייערע קאָפּיטעס.

און דער נאָמען פון צווייטען מלך איז דניאל, און אויך ער איז אַ גרויסער גבור און ער הרג'עט טויזענד מענשען מיט איין קלאַפּ. און די בויגענס פון זיינע גבורים זיינען געמאַכט פון די אָדערן פון אָקסען און זייערע פיילען זיינען פון שאַרפען האָלץ און זיי זיינען פאַרשאַרפט און אַרומגעשליפען פון אַלע דריי זייטען, און אַז זיי צילען אין אַ האָר פינף הונדערט מייל ווייט פעלען זיי נים.

---

אבות אבותם (אוועס אוועסאָם)—די עלטערן פון זייערע עלטערן, עס הייסט די אור־אור א. א. וו. עלטערן. אליעזר (עליעזער).

און דאָס לאַנד איז ברייט און האָט פיער־און־צוואַנציג מדינות און יעדע מדינה געפינט זיך אונטער אַ באַזונדער גענעראַל. און דאָס לאַנד איז רייך מיט גאָלד און זילבער, מיט פעלדער און גערט־נער, טייכען און קוואַלען און עס זיינען פאַראַן ביי זיי טייכען, פליסען זיי מיט בוימעל.

און אַז דער וואַנדערער האָט דאָס אַלץ באַנומען און ער האָט דערזעהן זייער גרויסע גבורה, האָט ער מיט זיי גענומען שמועסן וועגן זיינע ברידער, די אידען פון די מזרח־לענדער, וואָס ווערן אַזוי געיאָגט און געפּלאָגט, געפּייניגט און געמאַטערט. און ער האָט צו זיי געזאָגט:

— צי ווייסט איהר עפּעס וועגן אייערע ברידער, די זיהן פון שבט יהודה און שבט בנימין?

האָבען זיי געזאָגט:

— **יע**, מיר ווייסען. מיר און זיי האָבען איין תורה פון איין גאָט, אָבער אונזערע איז אַ קלענערע פון זייערער, ווייל מיר זיינען אַזוי לאַנג אָפּגעשיידט פון זיי און פון ארץ ישראל און אַזוי פיעל לענ־דער און פעלקער טיילען אונז אָפּ פון זיי.

און דער וואַנדערער האָט ווייטער געפרעגט:

— צי ווייסט איהר, אַז זיי שטעהען זיך אוים ביטערע גזרות און מורא'דיגע יסורים פון זייערע שונאים, די גויים, און אַז תמיד געפינען זיי זיך אין טויט־געפאַהר און ווען ניט גאָט, דער האַר, וואָס ער טוט פון אונז ניט אָפּ זיין גענאָד, וואָלטען מיר שוין לאַנג פאַרלענדט געוואָרען?

— האָבען זיי געענטפערט און געזאָגט:

— **יע**, מיר ווייסען דאָס.

און דער ריז, וואָס האָט איהם אַריבערגעפיהרט איבער'ן סמבטיון, האָט דאָ אַרויפגעלעגט אַ פינגער אויף זיינע ליפּען און געזאָגט:

— געדענק, וואָס איך האָב דיך מתרה געווען: נאָר ניט פרע־גען צופיעל.

---

**יסורים** (יעסורים)—ליידען, מאַטערנישען, צרות. **מתרה** (מאַסרע) **זיין**—וואָרענען.

איז דער וואַנדערער אַ ווײַלע אַנשוויגען געוואָרען, דערנאָך האָט ער זיך ניט געקענט אײַנהאַלטען און ווײַטער געפרעגט:

— און פאַר וואָס געהט איהר, וואָס גאָט האָט אײַך געגעבען אַזוי פיעל כח, זיי ניט העלפען און באַפרייען פון גלות?

— מיר טאָרען ניט — האָבען זיי געענטפערט, און דער ריז, וואָס האָט איהם געבראַכט, האָט נאָך אַמאָל אַרויפגעלעגט זײַן פינגער אויף די ליפען. אָבער דעם וואַנדערער'ס גרויס געפיהל האָט אין איהם געזאָטען ווי די כוואַליעס פון אַן אויפגעשטורעמטען ים, און ער האָט ווײַטער געפרעגט:

— און פאַרוואָס געהט איהר ניט צוריק אין ארץ ישראל?

— עס איז נאָך ניט געקומען דער קץ — האָבען זיי אומרוהיג געענטפערט, און דער ריז איז געוואָרען בלייך און ער האָט צום דריטען מאָל מתרה געווען דעם וואַנדערער, ער זאָל מעהר ניט פרעגען. אָבער קיין קראַפט אין דער וועלט האָט שוין איהם איצט ניט געקענט אָפּשטעלען, און ער האָט מיט אַ לעכצענדער בענקשאַפט און מיט די גרעסטע יסורים אויסגעשריען:

— און ווען וועט ער קומען?!

און אַן אימת מות איז אַלעמען באַפאַלען און דער ריז האָט אויסגעשריען:

— שטיל! קיין איין וואָרט ניט מעהר! אַז ניט ביזטו באַלד אַ טויטער!

און דער איד פון מזרח־לאַנד איז געפאַלען אויף זײַן פנים און ער האָט גענומען וויינען און בעטען:

— אָ, ברידער, ברידער, איהר פאַרלאָרענע און צוריקגעפונענע ברידער, איהר, וואָס לעבט אין אַזאַ מנוחה בשעת מיר דאָרט שטעהען זיך אוים אַזעלכע יסורים, דערבאַרעמט אײַך און גיט מיר כאָטש אַ צייכען, עפּעס אַ סימן, עפּעס אַ וואונק, ווען די גאולה וועט קומען,

---

לעכצען—שמאַכטען, דאַרשטען, בענקען. אימת (עימאַם)—פון אימה—אַ שרעק.
אימת מות—אַ טויט־שרעק. גאולה (געאולע)—אויסלייזונג פון גלות.

איך זאָל עס קענען ברענגען פאַר אַ טרייסט צו מיינע פאַרשמאַכטע ברידער דאָרטען.

אָבער ווי ער האָט דאָס אויסגערעדט, האָט דער ריז אַ שמור־צער געטאָן מיט די ליפּען און אין איין רגע איז דער גאַנצער הימעל געוואָרען שוואַרץ און עס האָט אָנגעהויבען דונערן און בליצען און איין וואָלקען, אַ לאַנגער און אַ צענויפגעוויקעלטער אַזוי ווי אַ מגלה, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד צום וואַנדערער’ס פיס און האָט איהם מיט זיין עק אַריינגעקערט אינעווייניג אין זיין וואָלקען־רעהר און איהם אויפגעהויבען און געטראָגען הויך־הויך איבער די שטעט און די מויערן, הויך־הויך איבער’ן טייך סמבטיון, זיינע פאַלענדיגע שטיינער, זיין זודיגען זאַמד און אויסדאַמפּענדע פייערען, און איהם געבראַכט ווייט אויף דער אַנדער זייט און אַוועקגעזעצט אויף אַ פעלז. איז ער געזעסען, געקלאַפּט זיך אין האַרצען, געזאָגט תחנון און געוויינט.

---

**פאַרשמאַכט**—פאַרפּינסטערט, פאַרזאָרגט, פאַר’דאגה’ט. **מגלה** (מעגילע)—איינע פון די פינף קלענערע ספרים פון דער ביבעל, וועלכע ווערן אַזוי ווי די תורה, געשריבען אויף פּאַרמעט, **a roll of parchment**. **תחנון** (טאַכנון)—אַ רייהע געבעטען, וועלכע מען זאָגט אין דאַווענען אין די טרויעריגע טעג מאָנטאָג און דאָנערשטאָג; די דאָזיגע געבעטען זיינען פול מיט טרויער און מיט באַשולדיגונגען קעגען זיך אַליין; טיילען פון זיי זאָגט מען קלאַפּענדיג זיך אין האַרצען.

---

די אויביגע געשיכטע איז אַ פרייע קאָמבינאַציע און באַאַרבייטונג פון איניגע מעשות פון דעם ציקעל, וואָס ווערען געבראַכט אין אלדד הדני׳ס באַשרייבונג (לויט זאַנגוויל’ס „קינדער פון דער גהעטאָ“) און אין בערדיטשעווסקי’ס בוך.

די סמבטיון־לעגענדעס געהערען צו די סאַמע אַלטע ביי אידען און הויבען זיך אָן פון די פריהע תלמודישע צייטען. איניגע איינצעלהייטען פון זיי ווערן אויך דערצעהלט פון יוסף פלאַוויוס און פון דעם אַלט־רוימישען נאַטוראַליסט פּליניוס. דער טייך סמבטיון אַליין שיינט אויך צו זיין לעגענדאַריש. (אַרטיקעל „סמבטיון“ אין דער אידישער ענציקלאָפּעדיע).

אלדד הדני, אַ באַריהמטער אידישער סוחר, רייזענדער און אַוואַנטיורניק האָט געלעבט אין 9טען יאָהרהונדערט.

